א. סוצקעווער

# פון דריי וועלטן

(אַנטאָלאָגיע)



אַרויסגעגעבן צום 40סטן געבוירנטאָג פון מחבר

פון

ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג“

התשי״ג —בוענאָס־איירעס— 1953

# אינהאַלט

## אָפּשאַצונגען און לידער וועגן א. סוצקעווער



## פון דריי וועלטן

### א.

# אַ מתנה דעם דיכטער און זיינע לייענער

דער גורל האָט געוואָלט, אַז א. סוצקעווער זאָל בעת זיין באַזוך אין אַרגענטינע, אַ פּאַרבעטענער קיין דרום-אַמעריקע פון אונדזער פּאַראיין, דערפילן פערציק יאָר. און כאָטש דער בן ארבעים לבינה גייט דאָך אין אונדזער פאַל אויף דעם, וואָס דערפילט די ארבעים, האָבן אויך מיר, די דאָזיקע, וואָס זענען דאָ מיט אים כסדר אין נאָענטסטן קאָנטאַקט, די פאַרוואַלטונג-מיטגלידער פון ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג", פ אַ ר ש ט אַ נ ע ן, אַז דער עיקרדיקסטער אופן פון פאַרצייכענען אַ וויכטיקן דאַטום אין דיכטערס לעבן איז: אַרויסגעבן זיינס אַ בוך.

קיין נייעם בוך האָבן מיר אין משך פון דער קורצער צייט, וואָס מיר האָבן געהאַט, ניט געקענט באַוויייזן אַרויסצוגעבן, אויך, ווייל א. סוצקעווער האָט מיט זיך ניט געהאַט די אַלע נייע לידער זיינע, וועלכע זענען נאָך ניט געדרוקט געוואָרן אין בוכפאָרם, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ בקיצורדיקע אַנטאָלאָגיע פון זיין דיכטערישער יצירה און אַ טייל פון דער קריטיק וועגן אים. דעם זייער כאַראַקטעריסטישן נאָמען „פון דריי וועלטן" האָט געגעבן דער יונגער יובילאַר אַליין. די דריי וועלטן סימבאָליזירן, די פאַרמלחמהדיקע וועלט, דאָס געטאָ און מדינת ישראל.

א. סוצקעווער איז דער פאַרבעטענער פון אונדזער פאַראיין און ער איז געוואָרן דער גאַסט פון אַלע יידישע ישובים אין דרום-אַמעריקע און באַזונדער פון דעם ישוב אין אַרגענטינע און פאַר אונדז וועט אָט-די אַנטאָלאָגיע פאַרבלייבן דער אָנדענק פון דערהויבנדיקע טעג, וואָס אונדזער ישוב האָט איבערגעלעבט בעת דעם זיין פון סוצקעווערן ביי אונדז זייט סוף מאַי ביז סוף יולי 1953. פאַר די צוויי וועלטן, וואָס זענען אונדז נאָך געבליבן, תפוצות ישראל אין אַמעריקע, אַפריקע, אויסטראַליע און אַביסל אייראָפּע און מדינת ישראל, איז די דאָזיקע אַנטאָלאָגיע אַ מתנה פון יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג" און במילא פון גאַנצן אַרגענטינער יידישן ישוב. און אַז זי איז אַ מתנה פאַר די לייענער איז זי דאָך אויך אַ געשאַנק צום דיכטער אַליין. מיר דריקן אויס ביים דערלאַנגען אָט-די מתנה דעם דיכטער אונדזער גרויסע באַגייסטערונג פאַר זיין לעבן און שאַפן אין משך פון אַ צייט-אָפּשניט פון אַ דור-המדבר, בעת וועלכן ער האָט געהאַט — לויט זיין אייגענעם אויסדרוק — דאָס אומגליק צו זען ווי אונדזערע ישובים

אין אייראָפּע ווערן מדבר און אויך דאָס גליק צו זען ווי מדבר ווערט אין ישראל ישוב. ער האָט בעת אָט־די איבערלעבונגען ארויסגעוויזן אמונה פון א קדוש, מוט פון א גיבור און ער האָט באַוויזן צו שאַפן נצחיותדיקע פּאָע־טישע ווערטן. און מיר דריקן אויס מיט אָט־דער באַשיידענער מתנה אויך אונדזער באַגייסטערונג פאַר דער דערהויבונג, וואָס סוצקעווער האָט פער־זענלעך אריינגעבראַכט אין אונדזער ישוב און ער האָט אונדז א זינגעוודי־קער איבערצייגט, אַז ס'איז — ווי ער זינגט אין זיין ליד „יידישע גאָס" —

העכער פון האָס און פון צייט דער מרשעת —

יידישע גאָס!

**ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג"**

יולי, 1953

# ביאָ-ביבליאָ-גראַפישע דאַטן

אברהם סוצקעווער איז געבוירן אין יאָר 1913, אין סמאַרגאָן, ביי ווילנע. זיין פאָטער הערץ איז געווען אַ תלמיד־חכם. ער האָט געהאַט סמיכה אויף רבנות, אָבער ער האָט קיין כסא רבנות ניט פאַרנומען. ער איז געוואָרן אַ באַלעבאָס פון אַ לעדער־פאַבריק. זיין זיידע פון דער מוטערס צד, ר׳ שבתי פיינבערג, איז געווען רב אין מיכאַלישאָק און מחבר פון דעם ספר „אורח חיים״ (אַ פירוש אויפן מגן אברהם). בשעתו האָט דער דאָזיקער פירוש געהאַט אַ גרויסן שם אין דער רבני־שער וועלט.

ווען אברהם איז אַלט געווען צוויי יאָר, בשעת דעם ערשטן וועלט־קריג, האָט די דייטשע אַרמיי, מאַרשירנדיק דורך סמאַרגאָן, פאַרטריבן די יידן פון דאָרט און דאָס שטעטל פאַרברענט. די משפחה פון דיכטער אינאיינעם מיט אַלע יידן פון סמאַרגאָן מוז אויסוואַנדערן און זי ווערט פאַרוואָגלט קיין סיביר און באַזעצט זיך אין דער שטאָט אָמסק. די באַפעלקערונג רעדט דאָרט קירגיזיש און די לידער פון דעם דיכטער, וואָס צייכענען זיך באַזונדער אויס מיט זייער רייכער יידישער שפּראַך, איז קינדווייז געווען קירגיזיש. אין יאָר 1922 איז הערץ סוצקעווער געשטאָרבן אין עלטער פון קוים דרייסיק יאָר און די פאַראַלמנטע, פאַר־יתומטע משפחה פאַרלאָזט אָמסק און באַזעצט זיך אין ווילנע. דאָרט לערנט אברהם פריער אין דער תלמוד־תורה „בית־יהודה״ און שפּעטער אין אַ פויליש־יידישער גימנאַזיע. ווען ער ענדיקט די מיטלשול, באַזוכט ער, ווי אַ פרייער צו־הערער די ווילנער אוניווערסיטעט און ער מאַכט דורך דעם קורס פון ליטעראַ־טור ביי פּראָפעסאָר קרידעל.

אין עלטער פון 15 יאָר הייבט סוצקעווער אָן צו שרייבן לידער און דאָס ערשטע ליד פאַרעפנטלעכט ער צו 21 יאָר. דאָס ליד הייסט: „אונטער רעגנס מאַאיקע״, געדרוקט אין „ווילנער טאָג״, אונטער דער רעדאַקציע פון זלמן רייזען. אין זעלביקן יאָר איז ער געוואָרן אַ מיטגליד אין דער באַרימט־געוואָרע־נער שרייבער־גרופּע „יונג־ווילנע״.

אין 1937 דערשיינט, דורך דער „ביבליאָטעק פון יידישן פען־קלוב״, וואַרשע, דאָס ערשטע בוך פון דיכטער, אונטער דעם נאָמען „לידער״, וואָס ציט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די וויכטיקסטע ליטעראַטור קריטיקער. אין 1940 דערשיינט דאָס צווייטע בוך לידער א״ב „וואַלדיקס״, אין 1945 דערשיינען אין ניו־יאָרקער „איקוף״־פאַרלאַג זיינע צוויי ביכער „די פעסטונג״ (מיט אַן הקדמה פון נחמן מייזיל) און „לידער פון געטאָ״. אין 1946 דערשיינט אין פאַריז דאָס

איינציקע בוך זיינס אין פּראָזע, א״נ „ווילנער געטאָ״, וואָס באַשטייט פון באַ־שרייבונגען פון דיכטערס איבערלעבונגען און בכלל פון „לעבן״ אין געטאָ. אין 1948 גיט אַרויס דער ניו־יאָרקער פאַרלאַג „מתנות״ זיין בוך לידער „יידישע גאַס״. אין זעלביקן יאָר דערשיינט אין תל־אביב זיין פּאָעמע „געהיימשטאָט״, אין 1952 דערשיינט אין תל־אביב זיין בוך „אין פייער־וואָגן״ און אין 1953 דער־שיינט אין ירושלים זיין פּאָעמע „סיביר״, מיט צייכענונגען פון מארק שאגאל. אין 1948 איז דערשינען אַ ביכל לידער פון סוצקעווערן אין העברעאיש, אין דער איבערזעצונג פון די העברעאישע דיכטער נ. אַלטערמאַן, ר. אליעז, לאה גאָלד־בערג, פסח גינזבורג, אביגדור המאירי, עזרא זוסמאַן און א. שלאָנסקי און מיט אַן הקדמה פון יעקב פיכמאַן. (די דאָזיקע הקדמה ווערט געדרוקט אין אונדזער אַנטאָלאָגיע). אין יאָר 1953 איז אין פאַרלאַג „מוסד ביאַליק״ דערשינען אין ירו־שלים די פּאָעמע „סיביר״ אין דער איבערזעצונג פון ש. שלום. סוצקעווערס שירים זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויך אין פּויליש, רוסיש, רומעניש, פראַנצויזיש, האָ־לענדיש, שפּאַניש, ענגליש א״אַנד. שפּראַכן.

אין יאָר 1941, ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען ווילנע, איז סוצקעווער פאַר־טריבן געוואָרן אין ווילנער געטאָ. דאָרט געלינגט אים, צוזאַמען מיט ש. קאַ־טשערגינסקין אַפּצוראַטעווען פון ווילנער ייוואָ זעלטענע כתב־ידן, וויכטיקע אַר־כיוו־מאַטעריאַלן און ספרים יקר המציאותן. בעת די לעצטע ליקווידאַציע־אַקציעס געלינגט סוצקעווערן צו אַנטלויפן פון געטאָ און זיך פאַראייניקן מיט אַ פּאַרטי־זאַנער־גרופּע, ווו ער קעמפט אין די אַרומיקע וועלדער זייער מוטיק קעגן די נאַציס. ווען אין מאָסקווע דערוויסט מען זיך, ווו ער געפינט זיך, שיקט מען אַן אַעראָפּלאַן אים צו ראַטעווען. פאַר זיינע אויגן ווערט איין אַעראָפּלאַן פאַרברענט און אַ צווייטער נעמט אים דעם 12טן מערץ 1943 אַוועק אינאיינעם מיט זיין פרוי קיין מאָסקווע, וווהין ער קומט אָן נאָך אַ לאַנגער אָדיסעע דעם 25סטן פון זעלביקן חודש. אין מאָסקווע איז סוצקעווער אויפגעטראָטן אין „קאָלאָנען־זאַל״ פאַר אַ רי־זיקן עולם און ער האָט דאָרט דערציילט וועגן די ליידן פון די יידן אין געטאָ. ער איז דערנאָך אויפגעטראָטן אין אַנדערע זאַלן און געהאַלטן רעפעראַטן וועגן געַ־טאָ־לעבן. ער האָט דאָרט עושה רושם געווען סיי פּערזענלעך, סיי ווי אַ דיכטער און געקראָגן דעם אָרדען פון „רויטן שטערן״, „פּאַרטיזאַנען־אָרדען״ און אַנדערע אָרדענס און מעדאַלן.

נאָך דער מיאוסער מפּלה פון די דייטשן איז סוצקעווער געשיקט געוואָרן קיין נירנבערג צום פּראָצעס פון היטלער ימח שמוס שטאַב און ער טרעט דאָרט אויף ווי אַן עדות דעם 27סטן פעברואַר 1946. אין 1947 באַטייליקט זיך סוצקע־ווער אינאיינעם מיט זיין חבר גראַדע אין אינטערנאַציאָנאַלן פּען־קאָנגרעס אין ציריך, ווי אַ פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור. סוף 1947 באַזעצט זיך דער דיכטער אינאיינעם מיט זיין פרוי און טאָכטער אין ארץ־ישראל, ווו ער הייבט אָן צו רעדאַקטירן „די גאָלדענע קייט״, וואָס די הסתדרות גיט אַרויס.

סוצקעווער האָט ביז הייַנט באַקומען די פאָלגנדיקע ליטעראַטור־פּרעמיעס:

1) פֿאַר דער פּאָעמע „דאָס קבר־קינד" — פֿון ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין אין ווילנער געטאָ (1942), 2) פֿאַר „געהיימשטאָט" און „יידישע גאַס" — פֿון דער אייראָפּעאישער אָפּטיילונג פֿון קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז (פֿאַרן יאָר 1950), 3) פֿאַר „ווילנער געטאָ" אין פֿראַנצויזיש, 1950. (פֿאַרזיצער פֿון דער זשורי איז געווען דער באַרימטער פֿראַנצויזישער שריפֿטשטעלער און אַקאַ־דעמיקער זשאָרזש דיהאַמעל) און 4) פֿאַר דעם בוך „אין פֿייער־וואָגן" — די צבי־קעסל־פּרעמיע אין מעקסיקע (1952).

אין 1950 האָט סוצקעווער באַזוכט 16 לענדער פֿון אַפֿריקע און אומעטום געהאַלטן לעקציעס און פֿאָרגעלייענט פֿון זיינע לידער און איז אויפֿגענומען גע־וואָרן מיט אַ סך ענטוזיאַזם. ער האָט אויך באַזוכט כמעט אַלע שטעט פֿון איי־ראָפּע.

סוף מאי 1953 איז סוצקעווער אויף דער איינלאַדונג פֿון בוענאָס־איירעסער יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין „ה. ד. נאָמבערג", אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס, וווּ ער איז אויפֿגענומען געוואָרן מיט אויסערגעוויינלעכער התּ־להבֿות. ער האָט באַזוכט אייניקע פּראָווינץ־שטעט פֿון אַרגענטינע; ער איז אויפֿ־געטראָטן מיט רעפֿעראַטן אין מאָנטעווידעאָ — הויפּטשטאָט פֿון אורוגוויי, און סאַנטיאַגאָ — הויפּטשטאָט פֿון טשילע און ער האָט אומעטום געהאַט אַן אויסער־געוויינלעכן דערפֿאָלג.

זייענדיק אין בוענאָס־איירעס, איז דער דיכטער געוואָרן אַ בן־ארבעים און דער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין „ה. ד. נאָמבערג" פֿייערט דעם דאָ־זיקן יובילײ מיטן אַרויסגעבן אָט די אַנטאָלאָגיע פֿון סוצקעווערס ווערק א"נ „פֿון דריי וועלטן", און אַ טייל פֿון דער קריטיק וועגן זיין שאַפֿן.

יעקב באָטאָשאַנסקי

# א. סוצקעווער אין דרום־אַמעריקע

## (אַ פראַגמענט פון אַ מאָנאָגראַפיע)

פון מיין סוצקעווער־מאָנאָגראַפיע, וואָס איך האַלט אין פאַרענדיקן, פיל איך אַ נייטיקייט אַריינצוגעבן אין אַט־דער אַנטאָלאָגיע אַ פראַגמענט פון אַ קאַפּיטל, וואָס איך וועל אַזוי גיך וואַרשיינלעך ניט קענען פאַרענדיקן. דאָס איז אַ קאַפּיטל וועגן דעם דיכטערס באַזוך אין דרום־אַמעריקע; איך וועל דאָס אַזוי גיך ניט קע־נען פאַרענדיקן, ווייל בעת אַט־די אַנטאָלאָגיע דערשיינט, האָט נאָך סוצקעווער ניט באַוויזן צו זיין אין די אַלע מקומות אויף אונדזער האַלבן קאָנטינענט, וואָס זענען פאַר אים אָנגעצייכנט געוואָרן זיי צו באַזוכן. זייענדיק אין דרום־אַפריקע, האָט א. סוצקעווער זיך אויסגעדריקט, אַז ער האָט שוין געזען גאַנץ „זשיד־אַפריקע", אַז ער האָט שוין געזען גאַנץ „זשיד"־אַמעריקע וואָלט ער נישט געקענט באַהויפּטן.

ווען מיין כוונה וואָלט געווען נאָר צו איבערגעבן אין מיין מאָנאָגראַפיע דעם אופן, ווי מען האָט דעם דיכטער דאָ אויפגענומען, וואָלט איך שוין דאָס דאָזיקע קאַפּיטל געקענט פאַרענדיקן, ווייל בוענאָס־איירעס איז דאָס האַרץ פון דעם יידישן דרום־אַמעריקע און וועגן דעם קבלת־פּנים, וואָס די הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע האָט געגעבן דעם מחבר פון „געהיימשטאָט", קען מען שוין מאַכן אַ סך־הכל. בוע־נאָס־איירעס האָט געשטעלט דעם טאָן און די גאַנצע מוזיק גייט שוין אין זעלביקן טאָן. אָבער — מיין כוונה איז דאָ צו געבן אויך דעם תמצית פון דעם ווי דרום־אַמעריקע האָט באַווירקט דעם דיכטער און אויף דעם קען אַמאָל אויסקומען צו וואַרטן אַ לענגערע צייט. פריער, אָדער שפּעטער וועט דרום־אַמעריקע קריגן אַ גע־וויסן פּאָעטישן תיקון ביי סוצקעווערן אין זיין ליד, וואָס איז דאָך זיין לעבן.

און אויב איך גיב דאָ פאָרט אַ פראַגמענט פון דעם דערמאָנטן קאַפּיטל, איז עס, ווייל דער מאַטעריאַל, וואָס איך האָב ביז איצטער, איז גענוג אויף צו געבן אַ פּאָר וויכטיקע כאַראַקטער־שטריכן פון דעם העלד פון אונדזער „ראָמאַן".

א. סוצקעווער האָט דעם ערשטן באַזוך זיינעם אין דרום־אַמעריקע געמאַכט אין דער עיר ואם בישראל בוענאָס־איירעס. אין אַט דער שטאָט האָבן שוין אָפּגעשטאַט וויזיטן אייניקע גדולים פון אונדזער ליטעראַטור. אין די אַמאָליקע צייטן פּרץ הירש־ביין און ה. ד. נאָמבערג, אין די שפּעטערע יאָרן, צו לענגערע יאָר זיי — מלך ראַוויטש, ה. לייוויק, י. אָפּאַטאָשו. געווען דאָ אויך אַזעלכע געלערנטע, ווי זלמן

רייזען און — יבדל לחיים — דר. י. שאַצקי. זיי זענען אַלע אויפגענומען געוואָרן אויף פאַרשידענע אופנים מיט אַזאַ ענטוזיאַזם, וואָס האָט ווייניק גלייכן. די אַנדערע גרויסע „קאָלאָניעס" אין בוענאָס־איירעס האָבן דאָ אויך געהאַט שרייבער־געסט. די פראַנצויזישע קאָלאָניע האָט דאָ געהאַט אַזעלכע ריזן ווי זשיל ראָמען און זשאָרזש דיהאמעל. אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געקראָגן אַזאַ אויפנאַמע, ווי די יידישע שרייבער. סוצקעווער איז דער ייִנגסטער פון די אַלע, וואָס מיר האָבן דערמאָנט און מען האָט מורא געהאַט, אַז פאַר אים זאָלן זיך ניט אַזוי ברייט עפענען די טויערן און די הערצער. אברהם רייזען האָט אַמאָל געזאָגט גלאַטשטיינען, צו לענגערע יאָר אים, אַז מען דאַרף ביי יידן זיך לאַנג אָנזיגנגען, ביז מען קריגט אַ שטיקל נאָמען. און דערצו זינגט סוצקעווער אַנדערש, ווי מען איז געוווינט. מען דאַרף צו זיין ליד צוליגן חוץ אויער און האַרץ אויך קאָפּ.

און דאָ איז געקומען די ערשטע „אַנטוישונג". אין פאַרנאַכט פון זונטיק דעם 24סטן מאַי איז געקומען אַ ריזיקער עולם צום עראָדראָם אין עסעיסא, ווו עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער „רוימישער אָדלער" (אַן איטאַליענישער עראָפּלאַן), וועלכער האָט אַהער געבראַכט פון רוים דעם דיכטער פון די צוויי ירושלימס — ירושלים דליטאַ און ירושלים פון סידור — ווי אַ ייד אין דרום־אַפריקע האָט סוצקעווערן אָנגערופן ירושלים דישראל. עס איז געקומען ניט קיין קלענערער עולם, ווי עס איז געקומען צו די עלטערע און מער באַרימטע שרייבער.

געווען אַ פאַרטיקער תירוץ: אַ פּאַרטיזאַנער, וועלכן אַ סאָוועטישער אַעראָ־פּלאַן האָט גענומען פון אַ וואַלד און געבראַכט אינאיינעם מיט זיין פרוי קיין מאָס־קווע און די טעלעגראַפן־אַגענטורן האָבן וועגן דעם געמאָלדן אין אַלע עקן וועלט און זיי האָבן איבערגעגעבן אויך דאָס דאָזיקע, וואָס ער האָט דערציילט. און ער איז געווען עדות ביים נירנבערגער פּראָצעס, וואָס איז געווען אַ גרויסע סענסאַציע. און ער איז רעדאַקטאָר פון „די גאָלדענע קייט" — איינער פון די בעסטע ליטע־ראַרישע זשורנאַלן אין יידיש, וואָס דערשיינט דווקא אין ישראל און ווערט דווקא אַרויסגעגעבן פון דער הסתדרות; דער דאָזיקער זשורנאַל ווערט היפּש געלייענט אין בוענאָס־איירעס.

— און מיר האָבן אַלע באַמערקט — און מיט אַ דורכויסיקער צופרידנקייט! — אַז צווישן די תירוצים, וואָס ווייזן אָן אויף סענסאַציע, איז פאַראַן אויך איינער, וואָס האָט אַ שייכות בלויז דירעקט מיט ליטעראַטור. ווארום אפילו די סענסאַציאָ־נעלישקייט פון „די גאָלדענע קייט" איז דאָך אַ ליטעראַרישע. און דער פאַקט, וואָס מען לייענט זי דאָ, האָט דאָך אוודאי אַ שייכות מיט ליטעראַטור.

און אַ קורץ שטיקל צייט נאָך דעם, וואָס דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגע־לאָזט, האָט סוצקעווער גערעדט פאַר אַ היפּשן עולם. מיר האָבן איינגעלאַדן צו אַ מין קידוש אין לאָקאַל פון שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג" נאָר חברים־שרייבער און געקומען זענען עטלעכע צענדליק סתם יידן. און נאָך אַ פּאָר באַגריסונגען איז גע־קומען די ריי פון גאַסט. דער ליטעראַטן־פאַראיין האָט געבראַכט קיין דרום־אַמע־ריקע סוצקעווערן דעם דיכטער נישט עפּעס אַן אָראַטאָר. אָבער ער דאַרף דאָך פאָרט

האַלטן דרייסיק רעפּעראַטן — אַזאַ אָפּמאַך איז געווען — אויף צו דעקן די „אונ־טערנעמונג" פון דער רייזע. זענען מיר, די אָנפירער פון פאַראיין געווען געשפּאַנט צו הערן דאָס ערשטע וואָרט פון גאַסט. און מיר האָבן, לאָמיר דאָס מודה זיין און — דערציילן אין פריידן, — זיך געשראָקן אויך. און אויך אָט די שרעק איז גע־ווען אומזיסט. סוצקעווער האָט גערעדט ווי אַ דיכטער. ווען אַ נישט־דיכטער רעדט אַזוי, וואָלט מען מסתמא אים באַלד אַריינגעקיבוצט און פאַראַדירט. אפילו די גאַנ־צע אויסערלעכקייט פון זיין שטיין און באַוועגן זיך איז געווען אויף אַזויפיל פּאָע־טיש, אַז ווען מען צווייפלט נאָר איינס פּראָצענט אין זיין פּאָעטישקייט, וואָלט דאָס געקענט זיין אַ קאַטאַסטראָפע. מען האָט אים אָבער געגלויבט אַלע הונדערט פּראָ־צענט. מיר האָבן אַלע געהאַט דאָס געפיל, אַז דער גאַנצער עולם האָט, הערנדיק דעם גאַסט ריידן, געזאָגט: עקצע פּאָעטע! אין דעם פּרט האָבן מיר ביי סוצקעווערן געהאַט די זעלביקע איבערלעבונג, וואָס מיר האָבן געהאַט, ווען ה. לייוויק איז גע־ווען אונדזער גאַסט. סוצקעווער איז טאַקע אַ דיכטער, וואָס געפינט זיך אויף אַ גאַנץ אַנדערער ליניע ווי לייוויק. דער מחבר פון „גולם" איז אַ זוכער פון אַן אי־דעאַל, דער מחבר פון „אין פייער־וואָגן" איז אַ זוכער פון פאָרם, וואָס גרעניצט מיט אידעאַל. און אויבביידע דיכטער האָבן דאָך צומאָל באַריר־פּונקטן, איז די ס־בה דערפון, וואָס זייער תוך איז דאָס זעלביקע לעבן און די זעלביקע ליידן. און עס איז פאַראַן אַ מאָדנע טיף־אינערלעכע (אָבער לחלוטין ניט קיין אויסערלעכע) קרובה־שאַפט צווישן ביידע אין זייער אופן פון ריידן. לייוויק זאָגט אַ ז ע ל כ ע ס, וואָס ווען מען גלייבט אים ניט, אַז ער איז אַ דיכטער, וואָלט מען אים ניט גע־גלויבט און סוצקעווער רעדט אַ ז ו י, אַז ווען מען גלייבט אים ניט, אַז ער איז אַ דיכטער, גלייבט מען אים ניט...

און אָט דעם „עקצע פּאָעטע" האָבן מיר דערנאָך געהערט פון די טויזנטער און טויזנטער יידן, וואָס זענען געקומען צו זיינע רעפעראַטן אין בוענאָס־איירעס, דער פּראָווינץ און מאָנטעווידעאָ. וואָס אַמאָל זענען געקומען מער צ־הערער. יעדעס מאָל זענען די גרעסטע יידישע זאַלן און טעאַטערס געווען צו קליין און אַלעמאָל האָט דער עולם געהאַט דעם אייגנאַרטיקן פאַרגעניגן פון הערן אַן עכטן דיכטער. ער האָט דערציילט טראַגישע איבערלעבונגען. אין ים פון טרערן און בלוט איז געווען אויך אַ טראָפּן יידישע נחמה־נקמה. און דער עולם האָט געפילט אַ טרויעריקע פרייד, הערנדיק אים, אַ טרויעריקן און ווייטיקלעכן תענוג האָט ער געפילט. ער האָט די ליידן איבערגעדיכטעט און זיי מגלגל געווען אין שירה און וויזיע. ער האָט אָוועק־גענומען די רעאַליסטישע ברוטאַליטעט און זיי געלאָזט אין דער פאָרם, אין וועל־כער זיי דאַרפן שוין פאַרבלייבן אויף אייביק.

די אָנערקענונג פון דעם דיכטער אין סוצקעווערן האָט געשטראָמט פון אַלע שיכטן, טויזנטער און טויזנטער זענען אים געקומען הערן. ביים ערשטן אָוונט איז געקומען דער מיניסטער פון ישראל פאַר אַרגענטינע, ד"ר יעקב צור און ער האָט געהאַלטן אַ וואַרעמע באַגריסונג־רעדע און מען האָט ביי אַלע זיינע אָוונטן גע־טראָפן מאַסן און יחידים פון אַלע ריכטונגען. אפילו די סאַמע לינקסטע, מיט וועל־

כע דער ישוב איז איינגעריסן און וועלכע ווייזן זיך לעצטנס קיינמאָל ניט אויף קיין אַלגעמיין־יידישע דעמאָנסטראַציעס, זענען געקומען צו אַלע לעקציעס פון דיכ־טער. צווישן די דאָזיקע, וואָס זענען אים געקומען באַגריסן, איז געווען אויך דער אָנגעזעענער געלערנטער און ענציקלאָפּעדיקער אהרן שטיינבערג, וועלכער האָט ווונ־דערלעך אָפּגעשאַצט די עכטע, אייביקע און אוניווערסאַלע פּאָעזיע סוצקעווערס אין זיין פּאָעמע „סיביר". יוגנטלעכע און גאָר יונגיטשקע האָבן זיך געצויגן צום דיכטער. ביי קינדער אין די העכערע קלאַסן פון די פאָלק־שולן איז די טעמע פון די שמועסן געווען דער דיכטער. אין דער מאָנטעווידעער שלום־עליכם שול האָט אַ פערצן־יאָריק מיידעלע מיטן נאָמען ה י נ ד ע ל ע ל אַ פּ אַ ט ק י ן אָנגעשריבן אַט־אָ־דאָס ליד צו סוצקעווערן, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דער טעגלע־כער צייטונג „די פּרעסע" אין בוענאָס־איירעס:

פון וואָס איז דיין האַרץ געקנאָטן
פון שטאָל, פון פייער,
פון בלוט אָדער טרערן?

מיט וואָס האָסטו דיין פּען אָנגעשטאָלט
זאָל שפּיצן פון אומקום און טרויער
מיט שאַרפקייט און מוט?

וואָס האָט דיין נשמה די גרויסע געטרונקען
זאָל זיין ריין ווי טוי
און לויטער ווי הימל?

גענאַכטיקט אין קאַלטע און פינצטערע תהומען,
געקומען שוין ביסטו צום ברעג,
באַשיינט זאָלסטו ווערן מיט שטראַלן פון שכינה
אויף דיין פּייערוואַגן, דאָס יידישע וואָרט!

און די באַציאונג צום דיכטער איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך פּיעטעטפולע. מען האָט זיינע רעפעראַטן, וואָס האָבן אין דורכשניט געדויערט אַנדערטהאַלבן שעה, געהערט מיט פאַרכאַפּטן אָטעם און ס'האָט אין די גרויסע און ענג־באַזעצטע זאַלן און טעאַטערס געהערשט אַ זעלטענע שטילקייט.

דער טיטל פון ערשטן עפנטלעכן רעפעראַט, וואָס דער דיכטער האָט ביי אונדז געהאַלטן, איז געווען „מיין לעבן און מיין ליד". אין דער ערשטער רעדאַקציע האָט דער טיטל געזאָלט זיין: „א. סוצקעווער". הייסט דאָך יעקב גלאַטשטיינס ערשט בוך לידער אויך „יעקב גלאַטשטיין". אייניקע האָבן איינגעזען אויך אין צווייטן טיטל אַן עגאָצענטרישקייט. און ווען מען האָט אָנגעוויזן, אַז דאָס ע'רשטע ליד אין זיין בוך „לידער", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1937, הייסט „צו מיין געבורטס־טאָג", האָט מען געדענקט, אַז אויך אָט דער פאַקט דערציילט וועגן ד'יכטערס עגאָ־

צענטרישקייט. אָבער די אַלע טענות זענען אָוועקגעפאַלן, באַלד ווי סוצקעווער האָט אָנגעהויבן ריידן. ער איז געווען אויף אַזויפיל דיכטער, אַז ער האָט אָפּגעווישט דאָס פּריוואַטע און ס'איז געבליבן דאָס פּערזענלעכע און דאָס דיכטערישע. זיין ליד האָט אויפגעהערט זיין בלויז זיינס, ס'איז געוואָרן אַלעמענס. און במילא איז דאָס זעל־ביקע געשען מיט זיין לעבן. און ווען ער האָט דערציילט, אַז ער איז פון קינדווייז אָן געווען אַ קליינער חסיד פון מאָריס ראָזענפעלד און אַ גרויסער חסיד פון יהואָשן, האָט יעדער, וואָס פילט אָרגאַניש דיכטונג, פאַרשטאַנען פאַרוואָס דאָס איז! מאָ־ריס ראָזענפעלד איז געווען אַ באַזינגער פון פּריוואַטע ליידן, ביי יהואָשן האָט דער וועלטיק געקראָגן דיכטערישע שיינקייט. ניט אומזיסט הייסט ביי אים איינס פון די שענסטע לידער „שיינקייט און וועלטיק". ביי סוצקעווערן האָבן די גרויסע ליידן זיינע און פון זיין פאָלק, געקראָגן די גרויסע שיינקייט. אין זיין לעצטן עפּנט־לעכן רעפעראַט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין בוענאָס־איירעס, האָט ער געזאָגט, אַז אונדזער לעבן בלייבן, אונדזער אויפבויען זיך ווי אַ פאָלק אין ישראל, איז אונ־דזער גרעסטע נקמה אין שונא. דאַרף דאָ צוגעגעבן ווערן, אַז סוצקעווער האָט דערוויזן סיי מיט זיינע לידער און סיי מיט זיין גאַנצן מהות, אַז אונדזער ניט פאַרצווייפלט ווערן, אונדזער ניט אויפהענגען די פידלען און ניט אויפהערן זינגען, איז אויך אונדזער גרויסע נקמה אין שונא. די גרויסע נקמה און די גרויסע נחמה...

שלום אַש

# דימענטן צעגאָסענע אין טרערן

אַזוי ווי אַ זעצער וואָס צעוואַרפט די שריפט כדי אויפצוזעצן ווערטער און זאַצן, אַזוי האָט סוצקעווער צעוואָרפן די ווערטער פון יידישן לשון און אַרויסגעקליבן פון די קעסטלעך זאַץ פערל און דימענטן צעגאָסענע אין טרערן, האָט פאַרגליווערט זיי מיט זיין זיפץ און זיי אַרויפגעצויגן אויף די שנירלעך פון זיינע פערזן. איצט שרייען זיי אַרונטער פון די ציילן פערל־שנירלעך מיט דער שטימע פון אַ לייב. וואָרעם סוצקעווער האָט איינגעשלונגען אין זיך דעם לייב וואָס פאַרצוקט, איצט שרייט דער לייב אַרויס פון אים.

זיין ביכל לידער ליגט ביי מיין בעט אויפן שלאָפטישל זינט וואָכן און חדשים, איך לייען אַ זייטל און לייג עס אַוועק — וואָרעם מיין נשמה ווערט אָנגעטרונקען און פאַרשיכורט מיט דעם ווייַן פון טרערן, וואָס רינט פון די ציילן אַרונטער. איך דערשרעק זיך אָפט פאַר זיין בוך וואָס ליגט אַזוי נאָנט צו מיר; ווייל אַזוי קליין ווי עס איז ווינט אַ לייב צווישן זיינע בלעטער, און איך האָב מורא ער זאָל מיך ניט איינשלינגען.

יעקב צור

# דער דיכטער פון מיין לאַנד*)

איך בין געקומען אַהער, ניט נאָר כדי מקבל־פּנים זיין מיט אייך אַן אָנגעזעענעם בירגער פון ישראל — ווי ס'איז מיין נאַטירלעכע פליכט — נאָר אויך כדי צו באַגריסן אַ דיכטער פון מיין לאַנד. די מדינה, וועלכע איך פאַרטרעט דאָ, איז נאָך ניט דערגאַנגען צו דער מדרגה פון פּלאַטאָנס רעפּובליק, וואָס זאָל רעגירט ווערן דורך פילאָזאָפן, הגם אין דער שפּיץ פון איר רעגירונג שטייט אַ מענטש, פאַר וועמען פּלאַטאָן און שפּינאָזאַ באַדייטן אפשר מער ווי די טאָג־טעגלעכע התחייבותן פון זיין פּאָליטישן לעבן. עס זענען אָבער פאַראַן ווייניק לענדער אין דער וועלט, אין וועלכע ליטעראַטור — און פּאָעזיע בפרט — געפינט אַזאַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער מאַסע און האָט אַזאַ טיפע ווירקונג אויפן געפיל און אויף דער מחשבה פון דעם דענקענדיקן בירגער ווי אין ישראל. די מענטאַליטעט פון דעם לאַנד קאָן בשום אופן ניט געמאָסטן ווערן בלויז מיט דער פּאָליטישער פּאָלעמיק און פּאַרטייבראַשורן. אַ ראָמאַן, אַ דראַמע, אַ ליד, שאַפן אפשר מער, ווי מיר אַליין שטעלן זיך דאָס פאָר, די אַטמאָספערע פון דעם דור, אין וועלכן מיר לעבן.

און זאָל דאָ אָפן געזאָגט ווערן: בשעת עס איז צו אונדז געקומען די עליה, צו וועלכער סוצקעווער האָט געהערט, די ערשטע עליה פון דער שארית הפליטה, האָבן זיך ביי פיל פון אונדז אויפגעוועקט ספקות בנוגע איר איינגלידערונג אין דעם גייסטיקן לעבן פון לאַנד. ניט די יוגנט האָט אונדז געהאַלטן באַזאָרגט, אויך ניט די, וועמענס מיטאַרבעט דריקט זיך אויס אין מאַטעריעלע, אַזוי גערופענע פּראַקטישע געביטן. דער פּראַגעצייכן האָט זיך געשטעלט אַרום די יעניקע, וואָס האָבן זיך באַדאַרפט איינשליסן אין דער שעפערישער טעטיקייט פון לאַנד, האָבנדיק שוין זייער גייסט פאָרמירט אין חוץ־לארץ, אין אַנדערע וועלט־טיילן, אין אַנדערע גרעניצן און יסורים. ווי וועט שאַפן דער פּאָעט, וואָס ברענגט מיט זיך אַזאַ באַגאַזש פון זכרונות? וועט ער זיך ניט פילן פרעמד צווישן די, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם אויפקום פון ציון, אפילו ווען ציון האָט שטענדיק געלעבט אין זיין האַרץ? און וועט דער שפּראַך־באַריער ניט שאַפן אויך אַ געפיל־ און פאַרשטענדעניש־באַריער צווישן אים און דעם דור אשר לא ידע את הגלות?

סוצקעווער איז אַ באַווייז, אַז די ספיקות זענען געווען איבערגעטריבן. און אין

*) רעדע וואָס דער ישראל־מיניסטער האָט געהאַלטן אויפן קבלת־פּנים לכבוד דעם דיכטער־גאַסט דעם דעם 26סטן מאַי 1953, אין טעאַטער „קאַריענטעס", בוענאָס איירעס.

דעם פרט איז ער, זיין פּאָעזיע און זיין „גאָלדענע קייט" דער וועגווייזער פאַר דער גאַנצער תקופה אין דעם מאָדערנעם יידישן שאַפן.

געוויס ליגט דער עבר אין שורש פון זיין דיכטונג און די טראַגישע חתונה, אויף וועלכער עס וויינט דאָס געלעכטער פון מאָטקע חבד, איז אַ בילד, וואָס פאַר־פאָלגט אים אין זיינע פּאָעטישע זכרונות. ער לעבט אין ווילנע. אויך איך, ווי אַ סך פון מיין דור, זענען אין דער שטאָט געבוירן געוואָרן, אין איר און אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון גלות. אָבער פאַר אונדז זענען זיי שוין ניט מער ווי אַ ווייטע, אַמאָל געלערנטע, אַמאָל געהערטע אָדער געלייענטע פאַרגאַנגענע ווירקלעכ־קייט. ער זינגט אָבער אויך אַנדערע לידער. לייענענדיק זיין בוך „אין פייער־וואָגן" האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף דער לאַנדשאַפט, אין וועלכער מיר האָבן פאַר־בראַכט אונדזער אייגענע קינדהייט, אויף ירושלים, אויף צפת און ישראל נאַדזשאַראַ, אויף מרון און ר' שמעון בן יוחאי, אויף יהודה הלוים וועג קיין מזרח, און אויך אויף דעם פאַרוואונדעטן פאָטער און קינד אין מיליטערישן שפּיטאָל. דאָס זענען, נאָך אַזאַ קורצער צייט פון צוזאַמענלעבן, אונדזערע אייגענע געפילן, דאָס זענען שוין אונדזערע לידער און בזכות זיי און אַרום זיי קלינגען שוין אויך ניט אַזוי פרעמד אונטער דער ישראל־זון די פערזן וועגן ווייסע פעלדער און שנייען. זיי ווערן נאָענט און באַקאַנט ווי אַמאָל אין די קינדעריאָרן ביאַליקס שנייאיקע „משירי החורף" אָדער טשערניכאָווסקיס אידיליעס פון דער ווייטער טאַווריִדע.

ס'איז נישט פאַראַן קיין סתירה צווישן די צוויי וועלטן, די פון נעכטן און די פון היינט און מאָרגן. עס איז איין גייסט, איין פאָלקס־נשמה, וואָס געפינט איר תיקון אין דעם ברוייזנדיקן קעסל פון דער יידישער מדינה. די ירושלים פון אַ העבּ־רעאישן דיכטער, וואָס האָט יאָרנלאַנג געוווינט אין לאַנד, ווי יהודה קרני און די ירושלים פון דעם נייעם עולה־פּאָעט אברהם סוצקעווער, שטאַמען ביידע פון דעם זעלבן קוואַל, וועקן אויף די זעלבע געפילן. די פּאַרטיזאַנען־וועלדער אין דער ליטע, דאָס געשריי פון דעם ברענענדיקן געטאָ, צוזאַמען מיט די טיף־נאַאיווע מיסטישע תימנער געשטאַלטן פון הזז'ס ראָמאַן „יעיש", מיט די קעמפערישע אַקטואַליטעט־לידער פון אַ נתן אַלטערמאַן, אָדער מיט די יונג־ירושלימדיקע אידיליעס פון אַ יצחק שלוו — דאָס אַלץ ווערט צוזאַמענגעשמאָלצן אין אַ פילפאַרביקער האַרמאָניע פון אַן אַלט־נייער שאַפונג אויפן ישראל־באָדן.

סוצקעווערס לידער זענען ענג פאַרבונדן מיט דער שפּראַך, אין וועלכער זיי זענען געשריבן און עס וועט מסתמא פאַרגיין אַ צייט, ביז ער וועט קענען אויס־דריקן אין העברעאיש די וווּנדערבאַרע גאַמע פון קאָלירן, מיט וועלכע עס שפּרודלט זיין יידיש לשון. אָבער די העברעאישע איבערזעצונגען פון זיינע פּאָעמעס — און איך האָב איצט ערשט דורכגעלייענט די גלענצנדיקע העברעאישע אויסגאַבע פון זיין ווערק „סיביר" — וועלן דערגיין אויך צום יונגן דור און צו דעם קיבוץ גלויות, וואָס הייבט ערשט איצט אָן צו טראַכטן אין זיין געמיינזאַמער שפּראַך. די, וואָס רעדן היינט „אינדיש, יידיש, אַראַמעאיש און אַ קאַפּיטשקע העברעאיש", ווי עס זאָגט סוצקעווער אַליין אין איינס פון זיינע לידער, וועלן אַמאָל לייענען זיינע שירים

אין עברית און אַריינזויגן אין זיך זייער גייסט. עס איז דאָך פאַר אונדז, פאַר די, וואָס זענען אויפגעוואַקסן אין דער העברעאישער שפּראַך, פּרוג. למשל, שטענדיק געווען אַ העברעאישער פּאָעט, און שלום עליכם, אין בערקאָוויטשעס איבערזעצונג, אַ העברעאישער הומאָריסט. און דער נס פון אַ טאָפּלטער שאַפונג איןביידע שפּראַכן, וואָס איז שוין געשען אַמאָל מיט מענדעלע מוכר ספרים, דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור און דער אומפאַרגלייכלעכער שעפער פון דער מאָדערנער העברעאישער פּראָזע, קאָן און וועט זיך געוויס איבערחזרן אין דער נאַטירלעכער פאָלקס־סביבה פון ישראל מיט יידישע דיכטער פון סוצקעווערס דור.

באַגריסנדיק אברהם סוצקעווערן צו זיין באַזוך אין דער דאָזיקער תפוצה, אין וועלכער עס לעבט דאָס געפיל פאַר יידישער יצירה, באַגריס איך אַ פריינט און אַ דיכטער פון אונדזער לאַנד, פאַר וועמענס פרייהייט ער איז געשטאַנען אין קאַמף אין די וועלדער פון דער ווייטער ליטע.

---

**א. לעיעלעס**

# די פּאָעזיע פון א. סוצקעווער

איך וויל פון אָנהייב אָן זאָגן:

אין דער יידישער שפּראַך, אין דער יידישער דיכטונג איז די פּאָעזיע פון אברהם סוצקעווער בבחינת אַ לוקסוס, וואָס טעאָרעטיש, אַזוי צו זאָגן, וואָלט מען זי באַין אופן ניט פאָרויסגעזאָגט און פּראַקטיש ניט צו גוט פאַרטראָגן. אָבער דער הערלעכער פאַקט אַליין האָט מיט זיין קראַפט געבראָכן אַלע צוימען, בייגעקומען אַלע צווייפלען און ווידערשטאַנדן. אַברהם סוצקעווערס פּאָעזיע וואָלט געווען נאָר־מאַל און נאַטירלעך אין דער סאַמע רייפסטער און אַנטוויקלטסטער ליטעראַטור. אין דער יידישער ליטעראַטור איז זי — נס. נס פון דער אויסערגעוויינלעכער דיכטערי־שער פערזענלעכקייט, פון גרויסן, שטראָמיקן און פאַרפלייצנדיקן טאַלאַנט.

צי וויל איך דערמיט זאָגן, אַז די יידישע ליטעראַטור, די יידישע דיכטונג איז נאָך ניט רייף גענוג, נאָך ניט ראַפינירט גענוג פאַר אַ סוצקעווער? ערגעץ מסתמא הויערט אין מיר אָט דער געדאַנק, איך וויל ניט לייקענען. נאָר דאָס איז בלויז אַ טייל פון דעם, וואָס איך וויל זאָגן, און ניט דער גרעסטער, ווי אויך ניט דער וויכטיקסטער, באמת בין איך אויסן אָט וואָס:

אין דער גרויליקער עפּאָכע פאַר אונדזער פאָלק, ווי אויך פאַר אונדזער יידי־שער שפּראַך; אין דער גרויליקער עפּאָכע פאַר אַלע פעלקער און אפשר אויך פאַר אַלע שפּראַכן, האָט דער פּאָעט אברהם סוצקעווער מיט זיין ליד אַזאַ הייב געטאָן דאָס יידישע קונסט־וואָרט, אַז ער האָט ווי מיט איין פלי אויסגעגלייכט די יידיש־פּאָעזיע מיט די העכסטע דערגרייכונגען פון דער הייגטיקער פּאָעזיע בכלל. גלייך דאָס דאָזיקע ליד וואָלט אַריינגעעכאָט אין אַלע אייביקייטן:

„איר רעדט וועגן דעם, אַז יידיש האָלט ביים אונטערגיין? אַז עס האַלט שוין דערביי, אַז עס זאָל אָפּהילכן דער לעצטער נאָכקלונג פון יידיש לשון? — טאָ זעט, וואָס איך קאָן באַוויזן, פאַרנעמט און באַנעמט, אויף וואָס פאַר אַ מדרגה מען וויל דעם יידיש־ליד דעם אָטעם אָפּהאַקן!“

ווער ווייס, ווער ווייס, צווישן די זאַכן, וואָס לאָזן מיך ניט גלייבן אויף אַ רגע, אַז דער גזר איבער יידיש איז שוין פאַרשריבן און געחתמעט, איז טאַקע דער וווּנדערלעכער אויפשטייג פון דער יידישער ליטעראַטור פאַר דעם לעצטן האַלב־יאָרהונדערט. און ווייטער: אויב עס איז יאָ דאָ אַזאַ גזר, זענען מיר דאָך עפּעס

יידן, וואָס האָבן קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו גלייבן, אַז אַ גזר קאָן מען אָפּשרייען. מיין איך, אַז צווישן אַלע פּינקלדיקע ראיות, וואָס וועלן העלפן אָפּשרייען, פאַר־נעמט סוצקעווערס ליד אַן אָרט סאַמע אויבנאָן. זיין פּאָעזיע וועט אוודאי קיינמאָל ניט אונטערגיין. און עס קאָן זיך מאַכן, אַז זי זאָל העלפן, אַז עס זאָל בכלל ניט זיין קיין אונטערגאַנג. ווער עס פאַרשטייט, דער וועט מיך פאַרשטיין.

צווישן 1940 און 1950 ליגט דאָס יאָרצענדליק, וואָס פאַר אַלע פעלקער און טויזנטפאַכיק פאַר אונדזער פאָלק איז עס אָנגעפּיקעוועט מיט אַזוי פיל טראַגיק און אומגליק, אַז חלילה זאָל מיר זיין דאָ צו פּרוּוון עס אַפילו קורץ צו כאַראַקטע־ריזירן. דאָ וויל איך בלויז אָנווייזן, אַז ווען אין אָט דעם יאָרצענדליק וואָלט בכלל אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס לעצטע פלעמל פּאָעזיע און קונסט בכלל, וואָלט מען זיך אויך נישט געדאַרפט הידושן. ס'וואָלט געווען כמו נאַטירלעך.

מיר וועלן זען, וואָס דאָס צענדליק האָט געמיינט פאַר אברהם סוצקעווערס פּאָעזיע און וואָס זי — פאַר דעם צענדליק. עס איז אָבער נייטיק צו וויסן, אַז סיידן מען איז גרינטלעך באַקאַנט מיט סוצקעווערס ליד, ווי עס איז געשריבן גע־וואָרן, איידער דער תהום האָט געעפנט זיין בראַנדיק־בלוטיקן פּיסק, איז ניט מעג־לעך צו וויסן, וואָס אָט דאָס ליד איז בכלל. אין שייכות מיט שפּעטערדיקע אויס־גאַבעס סוצקעווערס האָב איך באַמערקט אַ סך פרעגענישן, פאַרוווּנדערונגען, וואָס פאַר מיר יעדנפאַלס איז קלאָר געווען זייער מקור. פּראָסט־פּשוט: די פרעגערס, די פאַרוווּנדערטע האָבן סוצקעווערן ווינציק געקענט און ממילא ניט געוווּסט, ווי מען דאַרף צו אים צוגיין.

איך בין באַקאַנט מיט סוצקעווערס פּאָעזיע פון אירע ערשטע טריט. שוין דע־מאָלט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז צו אונדזער דיכטונג איז צוגעקומען אַ כוח מיט אַ מערקווירדיקער אָריגינאַליטעט און מיט אַ נאָך ניט געוועזענעם עכטן גאָלד־קלונג. אַ דיכטער מיט אַ צוויבערלעכער יוגנט־שטים און גלייכצייטיק מיט אַן אויסקוק אויף דער וועלט, וואָס מען געפינט אַזוינס נאָר ביי די סאַמע אויטענטישע „פּאָעטי־שע" פּאָעטן — שעלי און קיטס אויף ענגליש; פּושקין אויף רוסיש; סלאָוואַצקי אויף פּויליש; מיוסע אָדער ווערלען אויף פראַנצויזיש. ביי אַזוינע איז פּאָעזיע, דאָס וואָרט אַליין: — אמונה, וועלט־באַנעם, לופט, לעבנס־זין, טאָג־טעגלעכער אָטעם און באַרעכטיקונג. אַזאַ איז געווען מיין איינדרוק פון די ערשטע פערזן סוצקעווערס אין מאַנוסקריפּט. אַזאַ איז ער פאַרבליבן עד היום — נאָך דעם גרויליקן יאָרצענדליק.

---

יואל גאַק

# וועגן ליד „אויטאָפּאָרטרעט“

אַזוי ווי אַ מאָלער וואָלט אויסגעמאָלן אויף אַ לייוונט זיין אייגן בילד, — די אָפּשפּיגלונג פון זיך אַליין, ניט בלויז פון די אויסערלעכע פּרצוף־שטריכן, נאָר פון דעם לעבעדיקן ציטער פון דער אייגענער נשמה — אַזוי האָט דער דיכטער סוצקעווער געמאָלן מיט פּשוטע יידישע ווערטער זיין ליד „אויטאָפּאָרטרעט“. אָבער פון דער דאָזיקער ווערטער־איינפאַכקייט שלאָגט מיט קראַפט, מיט בונט־פאַרביקע פאַרמען און קאָנטורן. די איינפאַכקייט איז קינסטלעריש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעבעדיקע נשמה־וויבראַציעס, אין אַ געמעל, וואָס פאַרכאַפּט דאָס אויג און דאָס געמיט און וואָס באַווירקט מיט אימפּרעסיאָניסטישע רעסורסן.

איר זעט אַ שטאָט, דעם דיכטערס געבוירן־ און וווין־שטאָט, וואָס האָט אַמאָל געהויכט מיט אַלע לעבנס, אָבער איז שוין מער ניט ווי אַ טויטן־שטאָט, געגליכן צו אַן אַזיערע, ווי זי וואָלט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און געבליבן אין אימה באַצויגן מיט אייזיקע שופּן. און וואָס איז פאַראַן אין דער שטאָט?

עכאָ פון שאָטנס
געקרייציקטע קלאַנגען,
און איך בין געגאַנגען.
זיילן פון ליכט,
ווי צעבראָכענע זאַנגען,
און איך בין געגאַנגען.

דאָס זענען דעם דיכטערס זכרונות, געמאָלענע ווי די שטאָט וואָלט זיך גע־קנייטשט מיט גרייז־פּיאָלעטע אָזיערע־קנייטשן, ווען דער דיכטער צערונצלט מיט די פינגער איר גלאָזיקן פּנים, גראָבט פון איר אַרויס דערמאָנונגען, עכאָס פון שאָטנס און געקרייציקטע קלאַנגען. דער דיכטער איז איבער דער שטאָט געגאַנ־גען. וווהין? ער איז געגאַנגען זוכן אַ מענטשלעכן אָטעם, אַ לעבעדיק וואָרט אי־בער ליימיקע ליפּן און אַ מענטשלעך פּנים, וואָס ער זאָל קענען באַגריסן און צו־זאַמען גלויבן אין דער וועלטס קיום. און די שטאָט האָט גענומען אויפוועקן אין זיין דמיון גרויליקע זכרונות; זכרונות פון הונגער און ווי ער האָט אויף אַ בוי־דעם אַ שוואַלב אויפגעגעסן, זכרונות פון עלנט און שרעק און ווי ער האָט אַמאָל,

ליגנדיק אין אַ קעלער ביינאַנד מיט אַ מת ווי אַ בויגן־פּאַפּיר, מיט אַ שטיקעלע קויל פאַרשריבן אַ ליד אויף דעם טויטנס פאַפּירענעם לייב.

און ער איז ווייטער געגאַנגען און גענומען זיך דערמאָנען אין זיין היים, אין די קינדער־יאָרן, אין ווייסן סיביר:

אַ לאַנג שוין געפאַלענער שניי איז געפאַלן,
און ס׳האָט זיך באַוויזן מיט פייערלעך קליינע
מיין היים,
ווי אַ טעמפּל צעגריזשעט פון בליצן...
איך האָב זי דערקענט וועדליק חלום פון קינדהייט.

אויך דאָ האָט זיך פאַרהאַקט ווי אַ שלאָס הינטער זיין פלייצע אַן אָטעם; אויך דאָ איז פאַראַן אייזערנע שטומקייט, וואָס שלאָגט אין לייב טשוועקעס. און בלאָנדזשענדיק איבער די שנייען אין טעמפּל, האָט זיך אַנטפּלעקט דעם דיכטער אַ באַוואקסענער מענטש:

געבויגן ווי איך,
צעפּאַטלט און קנאַכיק,
באַשיינט פון אַן איבערגעפוילטער לבנה.

ווער איז דער באַוואקסענער מענטש? דער וואַנדרער? דאָס איז ער, דער דיכטער אַליין, זיין אייגענע אָפּשפּיגלונג, זיין אייגענער גייסט, די נשמה זייַנע. און ער, דער דיכטער, פאַרפירט מיט זיין אייגענער אָפּשפּיגלונג אַ דיאַלאָג־מאָנאָלאָג:

— העי וואַנדלער, ווער ביסטו?
און ס׳האָט דער באַוואקסענער טעמפּ זיך צעוואָיעט:
— ווער ביסטו?

דערקענסטו מיך?
און יענער מיט זעלביקער שאלה:
דערקענסטו מיך?

— נשמה?
און ס׳האָט דער באַוואקסענער צוגעטאַנצט נענטער:
— נשמה?

און ווען דער דיכטער האָט דערזען אויף זיין פּנים די קאַרבן, דערלאַנגט זיך אַהין מיט נצחון אַ לאָז:

האָט עמעץ אַ סמאַליע־געטאָן מיר אין שארבן
און איך בין געפאַלן ביים גרענעץ פון גלאָז.

דאָס אַרומבלאָנקען אין דער חרוב־געוואָרענער שטאָט; דאָס ניט געפונענע מענטשלעכע פּנים צו באַגריסן און גלויבן אין דער וועלט; דער אויפגעגעסענער שוואַלב, וואָס זיין דערמאָנונג האָט אויסגעפּיקט, אין דולן געצוויטשער פון דעם פויגל, די טרערן פון דיכטערס שוואַרצאַפּלען; די מיט סאַזשע באַהאַנגענע, באַ־ליידיקטע ווייסקייט פון דעם טויטן קעלער־שכן; און די אַטעמלאָזיקייט און שטומקייט פון זיין ווייסן קינדהייטס־טעמפּל — דאָס אַלץ האָט אויסגעקריצט אַ באַזונדערן חותם אויף דעם דיכטערס נשמה, האָט אויפגעבראַוזט זיין גאַנצן אינע־ווייניקסטן יש און האָט אין אַ שטייגנדיקער מעטאַמאָרפאָזע דערפירט צום פּאָעטס „אויטאָפּאָרטרעט״.

האָט דעם דיכטערס נשמה אין ווייטערע וואַנדלונגען און גילגולים נישט באַקומען קיין אַנדער אויסזען? האָט דער יידישער גאולה־פּעריאָד ניט געענדערט דעם דיכטערס פּסיכישע שטריכן, ניט געענדערט זיין אייגן בילד?

דער דיכטער מאָלט ניט מער, בלייבט שטיין ביי אַ שיידוועג אין זיין לעבן, ווי ביי אַן אָפּגעפאַרטיקטן אויטאָפּאָרטרעט.

אָבער ער איז דאָך געגאַנגען ווייטער און איז דערגאַנגען ביז ירושלים און האָט באַזונגען דעם אויפקום פון דער יידישער מדינה און האָט באַזונגען די יידי־שע גאולה. וועט נאָך מסתמא קומען דער צווייטער טייל פון אברהם סוצקעווערס „אויטאָפּאָרטרעט״, — דאָס בילד פון דער פּסיכישער דערוואַכונג, וואָס קומט צום אויסדרוק אין דעם פּאָעטס ישראל־דיכטונג און אין זיין אייגן־גלידערונג אין זיין אַלט־נייער ישראל־היים:

— ביסט מיינער.
געבענטשט זאָלסטו זיין מיט דיין קומען
ס׳איז מיינע שאָף — דיינע.
ס׳איז מיין גאָרטן — דיין גאָרטן.
מיט אַזאַ מין אַכזריות ווי דו האָסט געשאָסן פון ביקס,
מיט דער זעלביקער צערטלעכקייט פלאַנץ דאָ דיין ווייגאָרטן.

מאָנטעווידעאָ, 1953.

---

יצחק יאָנאַסאָוויטש

# א. סוצקעווער

## (אַ פּרוּוו צו כאַראַקטעריזירן דעם מהות פון זיין שעפערישער געשטאַלט)

.1

די יידישע פּאָעזיע אין פּוילן, אין די יאָרן צווישן די צוויי גרויסע וועלט־מלחמות, האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערער דערפינדערישקייט אויפן געביט פון נייע פּאָעטישע פאָרמען און אויסדרוק־מיטלען. נאָך דעם, ווי די שוימיקע „כאַליאַסטרע“־כוואַליע איז אָפּגעפאַלן, האָבן יידישע דיכטער אין פּוילן זיך אָפּגעזאָגט פון כלערליי פאָרמלעכע אויפטרייסלונגען און אַנדערע רעוואָלוציעס אין פרט פון פּאָעטישער לעקסיק. דער רעטאָרישער עלעמענט איז פאַרטריבן געוואָרן פון דער פּאָעזיע און אויף זיין אָרט האָט לאַנגע יאָרן געקיניגט דער אימאַזש, אַרויסגעבערענגט אַמליבסטן דורך דעם מעטאַפער. להיפוך צו דער אַמעריקאנער יידישער דיכטונג, האָבן יידישע פּאָעטן אין פּוילן מיט עקשנות קאָנסערווירט די אַלטע פאָרמען פון ליריזם, אָפּגעהיטן מיט אַ באַזונדערן אייפער די קלאָרקייט פון ליד, די נאַטירלעכקייט פון בילד און פּאָעטישן געדאַנק און געלייגט דעם טראָפּ אויף דער, אַזוי גערופענער, אינהאַלטלעכקייט פון דער פּאָעזיע.

קיין וווּנדער ניט, וואָס אין דער דאָזיקער שעפערישער סביבה איז דאָס דערשיינען פון דעם נייעם ווילנער פּאָעט אברהם סוצקעווער געווען אַ גרויסע ליטעראַרישע געשעעניש. ער איז געווען פון זיין אָנהייב אָן דער וווּנדער פון דער יידישער דיכטונג. שוין מיט זיין ערשטן דיכטערישן גאַנג האָט ער זיך אַרויסגעבראָכן פון אַ גאַנץ פעסטן, איינגעשטעלטן ליטעראַרישן נוסח, וועלכער האָט אין זיך געהאַט צונויפגעשמאָלצן אַלע ניואַנסן פון קינסטלערישן טעמפּעראַמענט. אנשטאָט צו טרעטן אין דעם אָנגעצייכנטן קרייז, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך אַזעלכע אויטאָריטעטן, ווי ישראל שטערן, אָדער משה קולבאַק, האָט ער גענומען פירן זיינע לייענער אויף אַן אייגענעם וועג, אויף זיין, סוצקעווערישן וועג.

בכדי קלאָרער צו מאַכן דעם דאָזיקן געדאַנק, וואָלט מען געדאַרפט אַ ברייטערן אַנאַליז פון יענעם אָפּגעשלאָסענעם דיכטערישן שטח, ווו עס האָט געווירקט אַזאַ פּאָעטישער ריז, ווי משה קולבאַק. ערשט דעמאָלט וואָלט מען געקענט פאַרשטיין וויפל דיכטערישן כוח עס האָט געמוזט פאַרמאָגן אַ יונגער דיכטער כדי אַזוי

אַנטשלאָסן אַריבערצושפּרייזן דעם גדר פון דעם הערשנדיקן לירישן סטיל. אברהם סוצקעווער האָט דעם דאָזיקן כוח פאַרמאָגט און דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז געווען דאָס, וואָס אַריבערשפּרייזנדיק די דאָזיקע גרענעץ, האָט סוצקעווער ניט אַרויסגערופן צו זיך יענע קעגנערשאַפט, וואָס עס רופט אַרויס יעדער פּורץ גדר. ווער עס געדענקט, וואָסערע מחלוקה עס האָט זיך געפירט אַרום די דיכטער פון דער „כאַליאַסטרע", וועט זיך פשוט וווּנדערן, פאַרוואָס סוצקעווערס רעוואָלט אין דער יידישער דיכטונג האָט כמעט ביי קיינעם קיין דערווידער ניט אַרויסגערופן. אדרבא — זיין רעוואָלט האָט אַלעמען פאַרכאַפּט און אַרויסגערופן, ביי וועמען אַ שטילע הנאה און ביי וועמען אָפענע באַגייסטערונג.

אין וואָס איז באַשטאַנען סוצקעווערס כוח? מיט וועלכע מאַגישע מיטלען האָט ער איינגעשטילט די אַלטע קעמפערישע קאָנסערוואַטאָרן, וואָס האָבן זיך אַמאָל אַזוי שטאַרק געשלאָגן קעגן די נייקייטן פון פרץ מאַרקיש, אורי צבי גרינבערג, מלך ראַוויטש און משה בראָדערזאָן? ווען מיר וועלן די דאָזיקע פראַגן פאַרענט־פערן, וועלן מיר אויך פאַר זיך אַליין אויפדעקן די באַזונדערע קוואַליטעטן פון סוצקעווערס דיכטונג און מיר וועלן פאַרשטיין זיין ווערט און פּאָזיציע אין דער יידישער ליטעראַטור.

.2

אברהם סוצקעווער איז געקומען אין אונדזער ליטעראַטור אַריין פון דער תכליתדיקער ליטע, מיט איר פּאַטעטישן גייסט און עלעגישן געמיט. געקומען איז ער מיט הויכע זינגענדיקע טריט, אין וועלכע עס האָט אָפּגעהילכט אַ גרויסע גע־וואַגטקייט. די דאָזיקע געוואַגטקייט האָט געשמעקט מיט דעם עכטן ריח פון יוגנט. וואָס אַזעלכעס עס איז יוגנט, דאַרף איך פאַר אייך ניט דעפינירן. עס איז קלאָר, אַז איך מיין דערמיט ניט קיין אָנפּאַנגערישקייט, אָדער אומרייפקייט. פאַר עכטער יוגנט איז קודם־כל כאַראַקטעריסטיש אַן אוממיטלבאַרקייט אין איר לעבנס־עמפּינ־דונג, וואָס טראָגט נאָך אויף זיך ניט די קייטן פון געוווינשאַפט. יוגנט — הייסט: זען די וועלט אָן ברילן פון שאַבלאָן. יוגנט איז כסדרדיקער חידוש פאַר דער יצירה און פון דאַנען — די באַגייסטערונג אין איר קול. יונג־זיין באַדייט טראָגן אין זיך, אָדער ווערן געטראָגן דורך דעם אימפּעט פון נייגער צוליב וועלכן מען איז גרייט איינצוטונקען די אייגענע הענט אין פייער און דערביי זיין איינגעגלויבט, מיט אַ שלימותדיקער אמונה, אַז די וועלט דאַרף ערשט באַשאַפן ווערן. אין דעם דאָזיקן באַגריף פון יוגנט איז אברהם סוצקעווער געווען דער יוגנטלעכסטער צווישן אַלע אונדזערע דיכטער און ווייל די דאָזיקע יוגנטלעכקייט האָט אין אונדזער דיכטונג געפעלט, האָט מען אים, סוצקעווערן, אויפגענומען מיט דערלייכטערונג און באַגייס־טערונג.

לאָמיר זיך אַביסל דערמאָנען. מיר האָבן שוין דעמאָלט געהאַט גרויסע און גוטע פּאָעטן, סיי פון עלטערן און סיי פון יינגערן דור. אָבער זיי אַלע זענען ס׳רוב

געווען גוטע בעלי־תפילות, אפילו ווען זיי האָבן געדאַוונט פאַר אַ וועלטלעכן עמוד, אפילו ווען זיי האָבן געזונגען פון אַ מאָדערנעם סידור. עס האָבן אָבער אין אונדזער דיכטערישן כאָר אויסגעפּעלט די געבענטשטע משוררים, ביי וועלכע מען האָט הנאה, ניט בלויז פון זייער שיין געזאַנג, נאָר דער עיקר פון זייער שיין קול, אָדער, ווי מען רופט דאָס אויפן חזנישן לשון: פון זייער שיינער כלי. פאַרוואָס האָט מען אַזויפיל פיילן אַריינגעשאָסן אין דער „כאַליאַסטרע" מיט פּרץ מאַרקישן אין דער שפּיץ? ווייל זי האָט ניט פאַרמאָגט דעם רייץ פון יוגנטלעכקייט און דעריבער האָבן אירע בייקייטן געשמעקט מיט מרידה. מען האָט זיי פאַרגעוואָרפן, אַז איידער זיי בויען נייס, באַגראָבן זיי די אַלטע פאַרמען. די פאַרוואָרפן זענען, פאַרשטייט זיך, געווען ניט באַרעכטיקט. ווייל גראָד די „כאַליאַסטרע"־דיכטער האָבן באַנייט די יידישע פּאָעזיע און זי אויפגעהויבן צו דער מדרגה אין וועלכער זי האָט זיך שוין געקענט דערלויבן צו בלייבן אַ געוויסע צייט קאָנסערוואַטיוו. ניט געקוקט דערויף אָבער, האָט מען די דיכטער פון דער דערמאָנטער „כאַליאַסטרע" ניט געקענט מוחל זיין זייער הפקר־טאָן, ווייל ער האָט נאָר אימיטירט אַ יוגנטלעכע צעשטיפטקייט, בעת אין דער אמתן האָט ער געשטאַמט פון אַ מיטליאַריקער אומצופרידנקייט מיטן לעבן, פון אַ באַסיאַקישן „נאַפּלעוואַט", פון אַ טרויעריקן חשבון, וואָס איז ערגעץ־ווו שוין געמאַכט געוואָרן מיט דער וועלט. האָט יוגנט צו טאָן מיט חשבון? געוויס ניט! דעריבער טאַקע האָט מען ניט מוחל געווען די באַיאָרטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר שקצים. סוצקעווערן אָבער האָט מען געגלויבט. סוצקעווער האָט ניט געזונגען וועגן יוגנט, נאָר די יוגנט אַליין האָט פון אים אַרויסגעזונגען מיט קראַפט און די דאָזיקע קראַפט האָט באַצוווּנגען אַפילו די שאַרפסטע קעגנער פון פּאָעטישע אינאָוואַציעס.

3.

גאָר גיך איז אָבער סוצקעווער אויסגעוואַקסן צו אַ דערשיינונג אין אונדזער יידישער פּאָעזיע און דאָס מערקווירדיקסטע אין דער דאָזיקער דערשיינונג איז געווען דאָס, וואָס דער דעמאָלט נאָך יונגער פּאָעט האָט מיט אַ מין ערנסטער פאַרשפּילטקייט, מיט אַ מין וואַגיקער באַפליגלטקייט, זיך געלאָזט פליען איבער אַלע יידיש־פּאָעטישע שולן און נוסחאות פון זיין צייט און ער, דער ווילנער פּאָעט, האָט מיט איינמאָל זיך אָנגעשלאָגן אין דער ווייטער ספערע פון אַ פּאַל וואַלערי. מערקווירדיק און וווּנדערלעך איז געווען אָט דער שעפערישער קפיצת הדרך פון דער גרויער ליטוויש־ווייסרוסישער יידיש־לאַנדשאַפט צו די דרומדיקע הימלען פון דער פראַנצויזישער פּאָעטיק, צו אירע ראַפינירטע באַגריפן וועגן דער באַשטימונג פון דיכטערישן וואָרט אין דער ליריק.

יאָ, אברהם סוצקעווער ווערט גערעכנט פאַר איינעם פון די ניי־וואָרט־מייסטער און ניי־פאָרם־שאַפער פון דער יידישער פּאָעזיע. עס איז אָבער פאַלש צו מיינען, אַז

זיין דערגרייכטע פּאָזיציע האָט ער צו פאַרדאַנקען די געלונגענע עקספּערימענטן מיטן יידישן לשון, אָדער דער באַנייאונג פון דעם יידישן וואָרט, אין וואָס ער האָט, אגב, אַרויסגעוויזן גרויס ווירטואָזיטעט. איך בין ביי דער מיינונג, אַז די שפּראַך און וואָרט־מייסטערשאַפט האָבן אָפּטמאָל פאַר אונדז פאַרשטעלט סוצקע־ווערס אַ וועזנטלעכערע אייגנשאַפט — זיין געזאַנג־מייסטערשאַפט. דאָס איז אַ פיל, פיל שענערער עפּיטעט און דעם דאָזיקן עפּיטעט האָט ער זיך כשר פאַרדינט.

יעדער פּאָעט איז אַן אַנטדעקער פון לשון. סוצקעווער איז אָבער צו דער זעל־ביקער צייט אַ דערפינדער, ניט בלויז פון ווערטער, נאָר פון אויסדרוק־מיטלען. און אויסדרוק איז דאָך דאָס העכסטע צו וועלכן עס שטרעבט יעדער קינסטלער. אַ סך פון אונדזערע יידישע שפּראַך־מייסטערס האָבן מיט דער קלינגעוודיקייט פון יידישן וואָרט געזוכט צו פאַרטויבן זייער אינערלעכע ליידיקייט. לכל הפחות איז זייער שפּראַך־מייסטערשאַפט ניט געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט אַ טיפער אינערלעכער אָנלאָדונג. ביי סוצקעווערן איז געשען דאָס פאַרקערטע — גראַד זיין אינערלעכע אָנלאָדונג, זיין דורכויס אייגנאַרטיקע דיכטערישע וויזיע האָט אים געצוווּנגען צו באַהערשן דאָס יידישע וואָרט ביז מייסטערשאַפט. ער איז געצוווּנגען געווען אי־בערצוקנעטן און איבערצופורעמען די יידישע שפּראַך, כדי זי זאָל אַדעקוואַט אי־בערגעבן זיין דיכטערישע זעאונג. נייע אינהאַלטן שאַפן נייע פאָרמען און נייע אופנים פון אויסדרוק. סוצקעווערס געווינס פאַר אונדזער פּאָעטיק באַשטייט דער־רין, וואָס ער האָט אַנטדעקט נייע קלאַנגען, דורך וועלכע ער אימאַגינירט נייע ליניעס און פאַרבן פאַר זיין דיכטערישן וועלט־בילד. יעדער דיכטער האָט זיין וויזיע, וואָס כדי זי צו געשטאַלטיקן זוכט ער אַ לעבן־לאַנג די מיטלען פון פּאָעטישער טראַנספּאָזיציע. וואָס אייגנאַרטיקער די דאָזיקע וויזיע איז — אַלץ אייגנאַרטיקער מוזן זיין די אויסדרוק־מיטלען, וועלכע דאַרפן זי געשטאַלטיקן. אין גרונט גענומען ליגט דאָ די סיבה פון דעם שטרייט צווישן פאַרשידענע שולן און ריכטונגען אין דער ליטעראַרישער וועלט. די אינטעלעקטועלע אַנטוויקלונג פון דעם מענטש, זיין פילאָזאָפיש און עמאָציאָנעל אַריינדרינגען אין גרויסן וועלט־סוד, ברענגט אים אַ נייע פאַרשטעלונג וועגן וועלט־בילד, שאַפט אים אַ נייע וויזיע און אַ נייע אויס־מעסטונג פון זיין באַציאונג און אָנגעהעריקייט צו דער וועלט. די דאָזיקע נייע אויסמעסטונג מוז האָבן נייע פאָרמען פון אויסדרוק, נייע ווערטער, — בעסער געזאָגט: נייע קאָמבינאַציעס פון ווערטער, קלאַנגען און פאַרבן. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז די וועלט־פאַרשטעלונג פון אַ באַריס פּאַסטערנאַק קען ניט אויסגעדריקט ווערן אפילו דורך דער קינסטלערישער מייסטערשאַפט פון אַ פּושקין, פּונקט ווי די פּאָע־טישע לעקסיק פון אַ רילקע קען שוין ניט דעקן די וויזיע פון אַ וויטמען. אויך דאָס יידישע וואָרט פון אַזאַ מייסטער ווי קולבאַק פּלאַצט אויף דער נייער קאָמפּלי־צירטער וועלט־שפּירונג פון אַ סוצקעווער.

סוצקעווערן איז געלונגען צו אַנטדעקן נייע פּלאַסטישע און מוזיקאַלישע וויר־קונגס־מיטלען פון יידישן וואָרט. מען וואָלט געדאַרפט באַזונדער רעדן וועגן דעם דאָזיקן ענין, ווייל ער איז אויסגעוואַקסן צו אַ ליטעראַרישער שול אין יידישן

שאַפֿן. ליידער דערלויבט אונדז ניט דאָס אָרט זיך צו פֿאַרנעמען מיט דעם דאָזיקן וויכטיקן אַנאַליז.

**4.**

עס דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז פֿאַר דעם, וואָס לייענט זיך אַריין מיט טיפֿן ערנסט אין סוצקעווערס לידער פֿון ערשטן פּעריאָד, איז זיין צווייטער פּעריאָד פֿון די געטאָ־לידער ניט קיין פּלוצימדיקער. איך וויל דערמיט זאָגן, אַז ווער עס האָט דערזען אין סוצקעווערס ערשטן שאַפֿונגס פּעריאָד, סיי זיין אָנשטרענג, סיי זיינע מעגלעכקייטן צו געפֿינען אַן אויסדרוק פֿאַר דעם נייעם אינהאַלט, מיט וועלכן ער איז געקומען אין דער יידישער פּאָעזיע, דער וועט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס גראָד ער האָט געפֿונען דאָס וואָרט פֿאַר דעם ערשטמאָליקן בילד פֿון דער געטאָ־טראַגעדיע.

וועגן סוצקעווערס געטאָ־לידער האָט מען שוין אַ סך גערעדט און געשריבן, און איך וויל ניט איבערחזרן דאָס, וואָס איז שוין וועגן זיי געזאָגט געוואָרן. אוודאי איז ער דורך זיי אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פֿון אַ נאַציאָנאַלן דיכטער. אָבער צוליב וואָס? צוליב דעם, ווייל זיינע געטאָ־לידער זענען ניט נאָר קיין קינות איבער דעם אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפֿן; זיינע געטאָ־לידער זענען דענקמאָלן, וואָס פֿאַרפֿיקסירן אין פּאָעטישן בילד די גרויליקע איבערלעבונגען פֿון אונדזער פֿאָלק. סוצקעווער איז ניט נאָר דער מקונן פֿון אונדזער נייער איכה. — און דאָס איז דער חילוק צווישן זיינע געטאָ־לידער און די געטאָ־לידער פֿון אַלע אַנדערע גרויסע יידישע דיכטער, וואָס ברענגען אַרויס נאָר זייערע געפֿילן אין אָנגעזיכט פֿון אונדזער חורבן־טראַגיק. — סוצקעווער איז דער געשטאַלטיקער פֿון דער געטאָ גרויל. אין וואָרט — ווי דער סקולפּטאָר אין שטיין — האַקט ער אויס דאָס בילד פֿון לעבן און טויט אין די מויערן פֿון געטאָ. דורך די לידער פֿון אַלע אַנדערע יידישע פּאָעטן וועלן די שפּעטערדיקע דורות זיך דערוויסן וועגן אונדזער טרויער צוליב דעם געטאָ־אומגליק. דורך די לידער פֿון אברהם סוצקעווער וועלן די קומענדיקע דורות אַליין דערזען די גאַנצע גרויליקייט פֿון געטאָ־אומגליק און דורך דעם אַליין טרויערן אויף דעם גרויסן חורבן.

די געשטאַלטיקונג פֿון די געטאָ־איבערלעבענישן האָט געפֿונען איר גרעסטן פּאָעטישן מייסטער אין אברהם סוצקעווערן. די לידער און פּאָעמען „כל נדרי", „דאָס קבר־קינד", „די לערערין מירע", „די בלייענע פּלאַטן פֿון ראָמס דרוקעריי" און נאָך צענדליקער אַנדערע לידער און גאַנץ באַזונדערס די גרויסע פּאָעמע „געהיימשטאָט", פֿאַראייביקן יענע קאָשמאַרע איבערלעבענישן, פֿאַר וועלכע אונדזער מענטשלעכע שפּראַך האָט זיך אויסגעוויזן צו אָרעם און סוצקעווערס גרויסער פֿאַרדינסט באַשטייט טאַקע דערין, וואָס ער האָט אַנטדעקט דאָס וואָרט־בילד פֿאַר דעם אוממענטשלעכן קאָשמאַר.

מען וואָלט געדאַרפֿט אַ באַזונדערע לאַבאָראַטאָרישע סטודיע, וואָס זאָל אונדז

דערקלערן דעם סוד פון סוצקעווערס קינסטלערישער ווירקונג. אין קורצן דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז סוצקעווערס ווירקונג נעמט זיך דערפון, וואָס זיין ליד אָטעמט אויף אונדז מיט דער ווירקלעכקייט פון געטאָ־לעבן, מיט דער רעאַליטעט פון חורבן־קאָשמאַר. און די דאָזיקע רעאַליטעט זעט אין אונדזערע נאָרמאַלע באַדינגונגען פון לעבן אויס, ווי אַן אומרעאַלקייט. אירעאַליטעט, איראַציאָנאַליטעט, איז דאָך דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דער יעניקער עקזיסטענץ, ווו די גרענעץ צווישן טויט און לעבן איז געווען אזוי דין ווי שפּינוועבס. צי קען מען פאַרשטיין דאָס געטאָ־לעבן מיט די נאָרמאַלע אויסמעסטונגען פון מאָראַל און עטיק, פון פאָרם און עסטעטיק, פון צייט און שטח? קענען פאַר דעם דאָזיקן לעבן זיין גילטיק אונדזערע באַגריפן פון קאָמפּאָזיציע, אונדזער געפיל פאַר צייט, אונדזער טעמפּעראַטור פון געפיל? סוצקעווער האָט באַוויזן דורך דעם יידישן וואָרט צו שאַפן פאַר אונדז יענע אירעאַלע אַטמאָספער, וואָס טויט־אָפּ אויף אַ ווייל די אַזוי גערופענע לאָגיק און ערשט אין איר אָפּוועזנהייט זענען מיר בכוח אילוזאָריש זיך איבערצוטראָגן אין יענער וועלט פון מיסטישן פיין.

5.

די פאַרשאַרפטע שפּירונג, די עמפּינדלעכקייט, וואָס עס האָט אין אים אָנגעצונדן דאָס געטאָ־ און לאַגער־לעבן, האָבן סוצקעווערן פּעאיק געמאַכט אויפצונעמען און צו באַזינגען די נייע גרויסע געשעענישן אין ישראל. דאָ און דאָרט האָט דער דיכטער דערשפּירט דאָס ניסימדיקע, מיסטיש־מעטאַפיזישע אין אונדזער געשיכטע. אין דעם געראַנגל פאַר אַן אייגן לעבן אין דער יידישער מדינה האָט דער דיכטער דערזען ניט קיין קאָנטראַסט צו יענעם קאַמף וואָס איז פאָרגעקומען פּנים־אל־פּנים מיטן נאַקעטן טויט, נאָר דעם המשך פון אונדזער גורל־וועג אויף דער ערד. און דעריבער זענען סוצקעווערס ישראל־לידער כמעט פון די איינציקע לידער אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס געשטאַלטיקן, ניט נאָר דעם אויסערלעכן פאַקט פון מדינת־ישראל־אַנטשטייאונג, נאָר דאָס אינערלעכע וועזן פון דעם גרויסן נס.

סוצקעווערס ליד פון זיג איז דורכגענומען מיט דעם חורבן, פונקט ווי אין זיין ליד וועגן חורבן האָבן מיר געהערט דעם אָפּטימיסטישן אויסקלאַנג פון געראַנגל. זיין ליד איז די ווירקלעכע געשיכטע פון אונדזער היינטצייטיקייט אין פּאָעטישן געזאַנג. ער איז כמעט דער איינציקער, וואָס זיצנדיק אין ישראל, לעבט ער דאָס לעבן פון גאַנצן פאָלק און זינגט פאַרן גאַנצן פאָלק.

אין אונדזער צייט, ווען די גילדענע פּאַווע פון יידיש האָט פאַרלוירן אַזוי פיל פאַרביקע פעדערן, איז ער, אברהם סוצקעווער, דער בעסטער באַווייז אַז עוד לא אבדה... עס איז נאָך נישט פאַרלוירן אונדזער שיינער חלום וועגן דער גרויסקייט פון יידישן ליד.

---

ה. לייוויק

# זיין וועג איז דער וועג פון גרויסקייט

וועגן אונדזער ליבן און טייערן א. סוצקעווער איז אַ באַזונדערער נחת צו פאַר־צייכענען עטלעכע קורצע שורות, אַז זיי זאָלן גלייך באַהויכט ווערן מיט דער זעל־טענער שיינקייט וואָס שטראַלט אַרויס פון סוצקעווערס וווּנדערלעכער דיכטונג.

ס׳איז געווען פאַר מיר אַ פרייד צו לייענען זיינע זאַכן און צו אָנען זיין דיכ־טער־געשטאַלט אין די יאָרן פון אונדזער יידישער קאַטאַסטראָפע, איידער כ׳האָב זיך באַקענט מיט אים פערזענלעך. ווען כ׳האָב זיך מיט אים דערנאָך באַגעגנט אויף דער ערד פון ישראל, איז ער מיר נאָך נענטער געוואָרן. ער איז געוואַקסן, הויך געוואַקסן סיי מיט דער קאַטאַסטראָפע, סיי מיט דעם אויפקום פון ישראל. זיין וועג איז דער וועג פון גרויסקייט.

ניט איין מאָל זע איך שווערע כמאַרעס, ווי זיי קלייבן זיך איבער אונדזער יידישער ליטעראַטור. די כמאַרעס דריקן אויף מיין געמיט, דריקן ביז אַנגסט. ניט שייך צו לייקענען. גראָד דעמאָלט גייט אויף פאַר מיר סוצקעווערס דיכטעריש וואָרט ווי אַ בליץ־בלענד.

וועגן סוצקעווערן שרייבט מען אַ סך, און מ׳וועט שרייבן. אָבער דאָס בעסטע איז צו לייענען זיינע לידער און פילן דעם באַזונדערן טעם, וואָס איז דאָ אין זיין וואָרטמוזיק, צו באַוווּנדערן די שיינקייטן, די אינערלעכע טראַגיזמען וואָס ער קריגט אַרויס פון אונדזער יידיש.

איך קאָן אַמאָל פשוט ניט משיג זיין, פאַרוואָס קומט אַזאַ טראַגישער גורל אַ שפּראַך און אַ ליטעראַטור, וואָס קאָן אַרויסברענגען פון זיך אַזאַ פריש־שעפע־רישן, אַזאַ אייגנאַרטיקן, אַזאַ מייסטערישן פּאָעט ווי עס איז אונדזער א. סוצקעווער.

איך בין טיף גערירט פון דער וואַרעמקייט און ליבשאַפט, וואָס איר, אַרגענטי־נער, ווייזט אַרויס צום טייערן גאַסט. זאָל עס אים, סוצקעווערן, זיין צו מוט און צו גליק.

---

ד"ר א. מוקדוני

# סוצקעווערס „אין פייער־וואָגן"

ער איז געווען אין געטאָ, ער איז געווען אין וואַלד ווי אַ פּאַרטיזאַן, ער איז געווען אין ראַטנפאַרבאַנד, דער טויט האָט זיך געיאָגט נאָך אים, געיאָגט און ניט דעריאָגט.

און ער איז אונדז געבליבן אַ לעבעדיקער.

און אַ גרויסער דיכטער.

„אין פייער־וואָגן" איז אַ בוך פון אַ גרויסן דיכטער.

דאָס זאָגט אייך איטלעכס ליד, יעדע שורה, דאָס זאָגט אייך יעדער זאַץ.

ער איז איצט אין ישראל, און ער איז ניט סתם אין ישראל, „ער איז מיטגעבוירן מיטן לאַנד, יעדער שטיינדל איז דאָרט זיין זיידע".

און ער זינגט שירה אין ישראל דווקא אין יידיש, און צו יידיש.

און מען לאָזט אים, ניט נאָר לאָזט מען אים זינגען אין יידיש, נאָר מען גיט אים די מעגלעכקייט צו רעדאַקטירן אַ גרויסע צייטשריפט „די גאָלדענע קייט".

פאַר דער שטאַרקער פּערזענלעכקייט און פאַרן גרויסן טאַלאַנט בייגט מען זיך און מען האָט דרך־ארץ.

אַ דיכטער און אַ העלד איז געקומען קיין ישראל.

און ישראל דאָס לאַנד פון העלדן, און ישראל דאָס לאַנד פון גרויסער דיכטונג האָט אים אויפגענומען ווי אַ ברודער.

בלויז אין קאַפּע „דרשנט אַ פּאָעזיע־ברודער מיט באַקנבאַרדן, אַז זיין מאַמע־לשון גייט באַלד אונטער".

אָבער ער איז זיכער, אַז אין הונדערט יאָר אַרום וועלן ער און זיין פּאָעזיע־ברודער מיט די באַקנבאַרדן, אָדער ביידנס אור־אייניקלעך, זיצן ביים ירדן און פירן די זעלביקע דיסקוסיע וועגן דעם אונטערגאַנג פון יידיש.

ער זינגט אין ישראל נאָך שענער, נאָך דיכטערישער ווי ער האָט געזונגען אין ווילנע.

און זיין יידיש האָט זיך צעבליט, צעשיינט און צערעגנבויגנט אין ישראל.

זיין יידיש לשון האָט באַקומען אַ וועלט מיט נייע חנען, מיט נייע פאַרבן, מיט פרישער בויגיקייט און מיט שפּאָגל נייע זיבן טעמים.

ער האָט מיטגעבראַכט קיין ישראל פון חורבן, פון וואַלד, פון קאַמף מיטן

מערדערישן דייטש, פון דעם קאץ־און־מויז שפּיל מיטן טויט און פון דעם וויסטן נע־ונד אַ געוואַלדיקע עשירות פון יידישן לשון.

איז ווי קאָן אַזאַ עשירות אונטערגיין?

און יידיש קען אַזוי הייס ליבן ישראל און גאולה פונקט ווי העברעאיש.

זיינע לידער זענען ישראלדיקע, ממש ווי אויף די בערג און אין די טאָלן פון ישראל זענען זיי אויסגעוואקסן.

ער זעט וואונדער אין ישראל, פשוטע וואונדער:

הער אַ מעשה
ווינד און ווינדער,
קאַפּויער שטעלן זיך די געדאַנקען —
זינט יענע לערערין, אַט די ווייסע,
האָט אויסגעצוואָגן דאָס בינטל קינדער,
דערקענען מאַמעס ניט זייערע קינדער.

די מאַמעס פון די מידברישע היילן, אַליין נאָך פּיצלעך קינדער, „שנאָב־לען" און קוקן דורך די שפּעלטלעך פון דעם פּאַרקאַן און זוכן זייערע קינדער און קענען ניט געפינען.

ביז אַ קינד צעוויינט זיך.

דעמאָלט דערקענט
מאַמע איר קינד
וועדליק זיין וויינען.

און איבער די מאַמעס אַ וואָלקן־אייזל
שפּאַנט אויפן טעפּיך פון דער לבנה,
משיח אַליין,
משיח אַליין
מאַכט אויף דעם נייעם געוויין
שהחינו.

מען דאַרף גאָרניט קיין גרויסע טעמעס פאַר גרויסע לידער.
קלייניקע טעמעס ווערן גרויס דורך אמתע לידער.

***

„די לערערין מירע" אין היטלערס געטאָ, „דאָס ווייסע מיידל" אין ישראל, וואָס צוואָגט קינדערלעך פון די היילן, זענען סוצקעווערס העלדינס.

און זיי זענען העלדינס.

קיינער וואָלט זיך אפשר אויף זיי ניט אומגעקוקט, האָט סוצקעווער אַ שאָט געטאָן הויפּנס ליכטער פון זיין דיכטונג און מיר האָבן זיי דערזען.

און זיי וועלן בלייבן פּאַראַייביקט ווי די טרייסט־ברענגערינס אין אונדזער גרויסן פּיין און אין אונדזער גאולה.

זיי באַגלייטן אונדז כסדר אויף אונדזער דאָרנדיקן וועג...

און אָט גייט ער אין לוד באַגעגענען יידן פון בבל.

און אָט קומט אַרויס אַ זקן, ער גיט אַ פּאַל און קושט די ערד, און זיין האַרץ פּלאַצט קושנדיק די ערד פון ישראל.

אַלץ קליינע טעמעס, אָבער זיי וואַקסן ביי סוצקעווערן אויס, זיי ווערן סימבאָלן.

דאָס וואָס אַלע גרויסע דיכטער טוען, אָדער דאַרפן טאָן.

ווי אַלע מאַכט דער דיכטער סוצקעווער רייזעס איבער ישראל.

אַ רייזע אין ישראל איז אַ רייזע איבער דער אַלטער יידישער געשיכטע, און אויך אַ רייזע אין דער צוקונפט פון לאַנד־ישראל און פון דעם פאָלק־ישראל.

ביידע, אי די ווייטע פאַרגאַנגענהייט און אי די צוקונפט, ליגן דאָ פאַר דיר אָפן ווי אַ בוך, קענסט לייענען קלאָר און דייטלעך די גרייז־גרויע געשיכטע און קענסט לייענען די יונגע, שטאָלצע צוקונפט.

סוצקעווער רייזט איבער ישראל און זעט וויזיאָנעריש דעם ווייטן נעכטן און די נאָענטע צוקונפט.

אין צווישן שטאָט ער אָפּ אַ וויזיט אין אַ פעלד־שפּיטאָל:

דאָס יינגעלע, געקומען מיט אַ רויז
אַהער צום יונגן מאַטן — בלייבט געפאַנגען:
עס באַמבלט זיך, אַ פוסטע, שוואַרצע הויז...
— וווּ איז דיין פוס?
— מיין קינד, ער איז געגאַנגען
מלחמה האַלטן און וועט באַלד צוריקקומען אין הויז.

און ווען דער יונגער טאַטע בלייבט אַליין, דערזעט ער ווי פון באַלקן לאָזט זיך אַראָפּ אַ שפּין צו דעם אָפּגעזעגטן פוס.

צעהאַקט ער דעם שפּין.

אָבער אַ פּיסעלע פון שפּין גייט זיך אַליין ווייטער...

און דער איינפיסיקער קוקט אויף דעם גייענדיקן פּיסעלע פון שפּין און טראַכט:
„ווען איך קאָן אָנטאָן ס'פּיסעלע, וואָס גייט אַליין, אליין אָן גוף"...

און ס'גייט סוצקעווער איבער ישראל און וואָס ער זעט איז אַ פּאַרטיק ליד, מען דאַרף די לידער אפילו ניט איבערזעצן אויף יידיש, זיי זינגען אין יידיש.

אָ, סוצקעווער וויל ניט מען זאָל אים לעבעדיקערהייט איבערזעצן אין העברעאיש.

קומט אים אַלץ אַנטקעגן אין יידיש.

און ער זאַמלט פאַרטיקע יידישע לידער רייזנדיק איבער ישראל.

אַלץ איז אַ ליד, אַלץ זינגט תהילימדיק, אַלץ זינגט ישעיה־הנביאדיק:

נחמו, נחמו עמי.

אַלץ, וואָס ער האָט שוין געזען אין זיין לעבן איז דאָ, אין ישראל, זינגענ־דיק אין דעם איידלסטן, אין דעם געלייטערטסטן יידיש.

און דאָ, אין דער קלייניקער מדינה, איז דאָ אַזוי פיל יידישער אינהאַלט.

ניטאָ קיין פרעמדע וועלט, וואָס פאַרגויאישט דיך.

ניטאָ קיין שעטנזדיקע ווערטער, וואָס וועבן זיך אַריין אין יידיש.

יאָ, אַלץ איז אַ ליד דאָ:

אָט זעט ער אַ באָקסער־בוים און ער זינגט: ער פאַרדינט באַזונגען צו ווערן, אַלץ אין לאַנד פון ישראל פאַרדינט צו באַזונגען ווערן:

זיין מאַיעסטעט דער באָקסער־בוים — אים קומט אַ ליד, אַ הימן!
אַ וווינונג האָט ער אויסגעבויט זיך דווקא אויף אַ שטיין
באַצויגן מיט אַ הייטל ערד, און קאָן די וועלט באַשטיין
אָן קיינעמס הילף. זיין צווייגנבליק — פון ייאוש ניט קיין סימן,
האָט אָפּגעשליידערט דאָס געזעץ פון צייט!

און אַן אַלטע טעמע — וועגן קעמלען און זייערע גלעקלעך איז פאַר אים ניי, שפּאָגל ניי.

און אָט קומט ער אין באר־שבעביים אַריינגאַנג אין נגב.

און דאָ שליסט ער אויפדאָסניי דעם ברית בין הבתרים, און ער דערפילט זיך כולו גייסט:

אַצינד איז מיין גייסט ניט צום גוף קיין געקייטער
די זילבן און קלאַנגען — לויט אנדערע מאָסן.

און אָט איז ער ביי מעלה עקרבים:

דאָ ביסטו ביים וואַרשטאַט פון גאָר דער יצירה.
פאַרדינגען זיך קאָנסטו אים ווי אַ געזעלן, —
די אייביקייט וועט דיר באַצאָלן מיט אירע
מטבעות — אויב ס'וועט נאָר דיין ארבעט געפעלן.

הפנים, אַז ער האָט זיך פאַרדונגען צו אַרבעטן אין דעם וואַרשטאַט פון יצירה.

ער איז שוין היימיש אין וואַרשטאַט פון יצירה.

אָט גייט ער אויף אַ קונסט־בילדער אויסשטעלונג, וואָס בראשית האָט אויס־געשטעלט.

און אַלץ איז איינפאַך:

ווי פּשוט, קיין וווּנדער ניט אויף אַ רפואה,
דערזעסט דעם באַשעפער דורך זאַמדענע גלאָזן.
אין שטעט אינדערלופטיקע וווינט די נבואה,
ניט עלטער, ניט יינגער — ווי האָסט זי געלאָזן.

סוצקעווערס נגב־לידער זענען ממש קרישטאָלענע.
און אָט איז ער אין ירושלים, און דאָ ערשט צעזינגט ער זיך.
אָבער ער פילט, עס איז אַ העזה פון זיין זייט צו קלערן וועגן דיכטונג:

כ׳לעבן, ס׳איז געווען אַ העזה
צו קומען אויפן ציון־באַרג אין רעגן,
ווו ס׳קיניגט אין אַ פעסטונג פון חלומות
דער בעל־תהילים,
און טראַכטן וועגן,
כ׳שעם זיך צו דערציילן — וועגן
דיכטונג.
— — — — — — — — — — — —
ווען ס׳איז ניט געבליבן שוין קיין סימן
פונעם גאַנצן רעגן, האָב איך מיט אַמאָל דערהערט
ניגונים, שטימען — — —
פלייצעניש פון וויינענדיקע פידלען אונטער ד׳רערד.

***

אָבער אַזאַ מאַסיוו שטיק לעבן פון דעם נאָענטן נעכטן קען מען ניט אָפּגטן, ער גייט נאָך און מאָנט, מאָנט —

געדענק!

ווי קענסטו פאַרגעסן דעם שרעקלעכן און גרויסן נעכטן? ווי קענסטו פאַר־געסן די גרויזאַמקייט פון אַנדערע און דיין אייגענער העלדישקייט?

און ער דערמאָנט זיך אין דעם נעכטן.

אין אַ גאַנצער ריי לידער גייט דורך דער נעכטן, לידער פינצטערע און דורכ־געבליצט מיט בלענדנדיקע ליכט פון ליידן און קידוש־השם.

דער זכרון לאָזט זיך ניט צובינדן אינגאַנצן צום היינט, ער רייסט זיך אריין אין ליכטיקן היינט מיט זיין פינצטערן נעכטן.

נעכטן איז דער דיכטער אברהם סוצקעווער געווען אַ העלד.

האָט דער נעכטן גערעכטע טענות, אָבער סוצקעווער גייט פאַרביי זיין נעכ־טיקע העלדישקייט.

פאַר אים, פאַרן דיכטער, איז אָנשרייבן אַ גוט ליד די גרעסטע העלדיש־קייט.

און נאָר צוליב דעם זכות פון ליד הפנים, גיט ער זיך אַ קער אויף אַ ווײַלע צום נעכטן.

---

מלך ראַוויטש

# קאַנאַליאַדע און אייביקייט

„געהיימשטאָט" איז אַ מייסטערווערק פון יידישער פערזן־קונסט, און פאָרם איז גראָד אין אָט דער פּאָעמע אַן אינטעגראַלע זאַך. שרייבן וועגן אַ מנין יידן, וואָס פירן אַ מין יידישע קהילה בזעיר אנפּין, אין די קאַנאַלן פון ווילנע בשעת היט־לערס אָקופּאַציע, קען מען אָדער מיטן דונערדיקן לשון פון די עשרת הדיברות, אָדער מיט דעם געוויגענעם און געמאָסטענעם און ליפּן־פאַרבייסנדיקן לשון פון דער געצוימטסטער קונסט. סוצקעווער האָט אויסגעקליבן דעם צווייטן וועג — עס איז זיין וועג. אויסגעקליבן דעם וועג און געקומען צום ציל. זיין פּאָעמע גע־הערט מער ניט אים, זי געהערט דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע, זי געהערט דער יידישער געשיכטע.

ניט די גאַז־אויוונס זענען דער טיפסטער פונקט צו וועלכן מענטשן־פייניקער זענען געפאַלן און מענטשן־געפייניקטע האָבן זיך דערהויבן. אין אָט־די קאַנאַלן — און אַזעלכע קאַנאַליאַדעס זענען פאָרגעקומען כמעט אין יעדער שטאָט, ווו דער נאַצי איז אַריין און ווו עס זענען געווען יידן און קאַנאַלן — איז דער פייניקער צום טיפסטן געפאַלן און דער געפייניקטער האָט זיך צום העכסטן דערהויבן. סוצ־קעווער ברענגט עס אין זיין פּאָעמע אַרויס. אויב עס וועט זיך ווען עס איז ווידער אָנהויבן דער גאַנג אַרויף פון דעם גאַנצן מין מענטש — וועט ער זיך אָנהויבן אויפצוריכטן פון אָט־די קאַנאַלן אַרויס און אַרויף. און די פּאָעמעס און אָט־די בי־כער וועגן די קאַנאַלן וועלן דעמאָלט שפּילן זייער אייגנטלעכע ראָלע. די ראָלע פון ספרים, וואָס באַגלייטן דאָך אַלעמאָל דאָס אויפהייבן זיך פון מין מענטש. זאָמען־קערנער פון אוניווערסאַלן אייביקייטס־ווערט זענען פאַראַן אין אברהם סוצקעווערס „געהיימשטאָט".

אין סוצקעווערס פּאָעמע זענען ניט נאָר די סטראָפן צען־שורהדיקע, מנינדיקע, נאָר אויך די גאַנצע פּאָעמע איז כסדר אַ מנינדיקע. מענטשן קומען און גייען דאָרט, אָבער כסדר איז דאָ אַ מנין, דער סימבאָל פון דער יידישער אָרגאַניזירטער גאַנצ־קייט. מען פראַוועט אויך אַ סדר אין סוצקעווערס פּאָעמע, אין זיין „קאַנאַליאַדע", ווי ער רופט זי אין די שלוס־אַקאָרדן. אַלץ איז דאָרט דאָ, ביי אָט דעם סדר, אַפילו ווייַן — און מען פאַרגעסט ניט, און דאָס איז איינער פון די סאַמע דער־הויבנסטע מאָמענטן פון אָט־דער קאַנאַליאַדע, וואָס רופט זיך איבער מיט יידי־שער', ניין, מיט מענטשלעכער אייביקייט, באַהאַלטן אַ האַלבע פלאַש ווייַן אויף איבעראַיאָר... בטחון, וואָס גרייכט פון סאַמע דנאָ פון שאול תחתיה ביזן סאַמע זעניט פון בלויען הימל...

ש. ניגער

# לעבן אויף קידוש־השם

## אברהם סוצקעווער: „יידישע גאַס", לידער, פאַרלאַג „מתנות", ניו־יאָרק, 203 זייטן.

גערליבענע! בעת אייער פרייד זאָלט איר ארבן
די טרערן פון יענע, וואָס צאַנקען אין קלעם.
פאַרגעסט ניט און אָטעמט־אַריין אונדזער שטאַרבן
פאַרגעסט ניט צו לעבן אויף קידוש־השם.
(„יידישע גאַס", ז' 115)

דאָ ניט לאַנג האָט אברהם סוצקעווער אַרויסגעגעבן „אין פייער־וואָגן" (תל־אביב, 1952), אַ זאַמלונג לידער און פּאָעמעס, וואָס ער האָט געשריבן צווישן די יאָרן 1947 — 1951, שוין נאָך זיין באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. דאָס איז געוויס אַן אָנהייב פון אַ נייעם פּעריאָד אין דעם יונג־ווילנערס לעבן און מסתּמא אויך אין זיין שאַפן. אָבער טאַקע דערפאַר איז כדאי זיך צו דערמאָנען אין זיינע פריערדיקע פּאָעטישע ווערק. כדי עס צו טאָן, איז ניט נויטיק אַריינצוקוקן נאָך אַמאָל אין „לידער", וואָס איז אַרויס נאָך פאַרן מבול (וואַרשע, 1937), — אפילו ניט אין די אַלע ביכער פון נאָכן חורבן („די פעסטונג", ניו־יאָרק, 1945, און „געהיימ־שטאָט", תל־אביב, 1948). עס איז גענוג צו לייענען נאָכאַמאָל די לידער־זאַמלונג, וואָס הייסט „יידישע גאַס" (פאַרלאַג „מתנות", ניו־יאָרק, 1948, ז' 203). אין דער דאָזיקער זאַמלונג זענען, אַ חוץ לידער פון דער מלחמה־ און נאָך־מלחמה־צייט, אַריין אויך פריערדיקע זאַכן — אַזוי, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך מוסטערן, אויב ניט פון אַלע, איז פון די וויכטיקסטע סטאַדיעס אין דעם פּראָצעס פון סוצקעווערס פּאָעטישן וואַקסן און אויסוואַקסן, איידער נאָך ער האָט עולה געווען און איז געוואָרן דער אָנגעזעענסטער און אָריגינעלסטער קנעטער און שאַפער פונעם יידישן וואָרט אין דער מדינה, וואָס איר שפּראַך איז העברעאיש.

אין די עטלעכע לידער פון 1937 — 1940, וואָס געפינען זיך אין „יידישע גאַס", האָבן מיר נאָך פאַר זיך סוצקעווערן דעם איך־ און אין־זיך פּאָעט, די דערפאַרונג, וואָס האָט דאַן געגערט זיין ליד, איז געווען נאָך, קען מען זאָגן, אַ ריין אינדיווידועלע דערפאַרונג. ער, זיין „בענקשאַפט — אַ שטומע גיטאַרע" — און די גאַר נישט שטומע נאַטור, אירע קלאַנגען און קאָלירן זענען געווען די, וואָס האָבן היל־

כיק געקלונגען און העל־געלויכטן אין זיין ליד. זיין פּאָעזיע האָט געריעדט אויף דער שפּראַך פון זיין „פאַרבענקטער אליינקייט"... שוין אין זיין ערשטער לידער־זאַמ־לונג האָט ער אונדז דערציילט, אַז —

אָ, דאָרט, ווו דער טאָג זיינע פאַרבן
צינדט־אָן איבער טאָלן און בערג —
איך שטיי מיט פאַרקאַשערטע אַרבל
און שאַף מיר מיין זינגעוודיק ווערק.

דער עיקר איז געווען די זינגעוודיקייט אינאיינעם מיט דער פאַרביקייט. דאָס איז אויך איצט ביי אים אַן עיקר, אָבער שוין ניט דער עיקר.

דער עיקר איז נאָך אַלץ ביי אים צו שטיין מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, שאַפנ־דיק זיין זינגעוודיק ווערק, ד"ה צו זיין טאַקע זינגעוודיק, אָבער ניט זינגען „ווי דער פויגל זינגט", פריי און לייכט, אָן קיין שום כוונות און חכמות, נאָר פאַרקאַשערנדיק די אַרבל און פלייסנדיק זיך און מיענדיק זיך צו דערגרייכן זיין ציל.

מען זעט דאָס ביי אים איצט — און דאָס איז אַ המשך פון זיין פריער. דאָס שעפערישע וואָרט איז פאַר אים קיינמאָל ניט געווען קיין שפּיל, כאָטש ער האָט אַזוי אָפט זיך געשפּילט — און שפּילט זיך נאָך איצט אויך אָפט מיטן וואָרט.

מען שפּירט עס אין יענע לידער פון פאַרן מבול, וואָס ער האָט אַריינגענומען אין „יידישע גאַס", אַזוי ווי אין זיין גאַנצער שפּעטערדיקער ליריק. מען פילט, אַז זיין פּאָעטיש וואָרט־שפּיל איז אַ שפּיל, וואָס ער שפּאַנט אין אים איין און שפּאַנט פאַר אים אָן אַלע זיינע קינסטלעריש־אינטעלעקטועלע מוסקלען... לייענט זיין פּאָע־מע „אַ דיכטער ביינאַכט"...

נאַכט. און עס אָטעמט אַ דיכטער די וועגן און שליאַכן,
רויטינקע פייערלעך שווימען פון באַרגיקן וואַלד,
אָנגעשפּיצט האָרכט ער דעם לשון פון ביימער און זאַכן.
(ז' 80)

ער הערט ניט, ער האָרכט — האָרכט אָנגעשפּיצט. נאָך שאַרפער איז זיין זען: ניט בלויז זעט ער — ער אָטעמט די וועגן און שליאַכן. און ניט נאָר זיי אַליין אָטעמט ער — אויך „די גייסטער־סינפּאָניע, וואָס קומט און באַפאַלט מיט רעגנ־בויגיקע קלאַנגען די געגנט"... רעגנבויגיקע קלאַנגען... פאַרבן און קלאַנגען ווערן איינס אין „אָנגעצונדענער שפּאַנונג פון ריטמישן שפּאַנען".

ביי אַזאַ אָנגעצונדענער שפּאַנונג, אָנגעשפּיצטע פאַרשאַרפטקייט פון די חו־שים, ביי אַזאַ דיך־קינסטלערישער שפּירעוודיקייט, ביי אַזאַ סענסיוויטעט פון אויג און אויער זענען אומפאַרמיידלעך און נאַטירלעך נייע ווערטער, נייע עפּיטעטן, ניט נאָר גראַמען פרישע און אומגעריכטע ריטמען...

האָבן מיר אין דער פּאָעמע „אַ דיכטער ביינאַכט", ווו דער פּאָעט „האָרכט דעם עקסטאַז פון דעם קאָרן" און שפּירט „דעם געדאַנק פון אַ יאָדלע", — אויך

„שעפּסענע שטילעניש, ווייסע באַהילעניש", — און מיר וווּנדערן זיך ניט, וואָס „מאָכיק שאַרן זיך שווייגיקע שאָטנס אין ליבשאַפט און שרעק"... ניט נאָר די אָרי־גינעלע אַדיעקטיוון און אַדווערבן, ניט נאָר די אַליטעראַציעס, — אַלץ זעט אויס אונדז צו זיין ביי אַזאַ היפּער־סענסיטיוון פּאָעט פאַרשטענדלעך, — אפילו דאָס אומפאַרשטענדלעכע.

אפילו „דאָס ליד פון רעגנבויגן" (1938), כאָטש עס מאַכט ניט אויף אונדז דעם איינדרוק פון אַ דורכויס ספּאָנטאַנער שאַפונג, — אפילו אַזאַ ליד נעמען מיר אָן און מיר זענען נייגעריק צו דערלייענען עס ביז צו די לעצטע צוויי שורות:

איך דאַרף צו זיך דערהויבן יעדע קליינקייט,
איך דאַרף באַשפּייזן דערנער מיט מיין שיינקייט.

(ז' 83)

און אַז מיר לייענען איינמאָל און נאָכאַמאָל „לאָמיר וועבן די לעגענדע", אַן אמתע וואָרט־אָראַטאָריע אין פיר צוועלף־שורותדיקע סטראָפן, וואָס איז אויסער־געוויינלעך רייך געדאַנקלעך, בילדלעך־ריטמיש און שפּראַכלעך, — זעען מיר, אַז שוין אין 1937 איז דאָס יידישע וואָרט פאַר סוצקעווערן געווען ניט איין אינסטרו־מענט, נאָר אַ גאַנצער אָרקעסטער, קיין איין כלי האָט אין אים ניט געפעלט, עס זענען אין אים זיכער געווען אַמאָל איבעריקע כלים, און אָנשטאָט ניט צו דער־שפּילן, האָט געקענט טרעפן, אַז ער זאָל איבערשפּילן, אָבער אויך דאָ האָט מען גע־פילט די געוואַלדיקע שפע פון זיין נאָך ניט געצאַמטער, זיך איבערגיסנדיקער און איבערשוימענדיקער שאַפונגס־ענערגיע.

מיט דער גאַנצער עשירות, די אַלע אוצרות פון וואָרט, וואָס ער האָט פון אומגעזעענע טיפענישן אויסגעגראָבן און פון פאַרזעענע ברייטענישן אויסגעהאַקט און אויפגעזאַמלט — מיט אָט דער שפע און שלל פון קלאַנגען און ווידערקלאַנגען האָט ער אָרקעסטירט דעם ניגון, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיך, און דאָס געזאַנג פון דער נאַטור, וואָס איז געווען אויך מער זיין אייגענע, ווי גאָטס שאַפונג.

ערשט די מלחמה־שטורעמס האָבן אויפגעריסן און צעשטערט די וואַנט. וואָס איז געשטאַנען צווישן אים און דער וועלט.

אָנגעהויבן פון 1939 — 1940, פאַרלאָזט ער וואָס ווייטער אַלץ אָפטער זיין האַלב־איינגעפאַלענעם עלפענביין־טורעם און שטעלט אונטער זיין קאָפּ אונטער דער וועלטס בלוט־ און פייער־רעגנס, און ער איז איצט שוין פונקט אַזוי אָפט אויסער זיך, ווי אין זיך. ער רופט זיך שוין אָפּ אויך אויף די ווילדע געשרייען פון דרויסן.

שוין אין 1939 שרייבט ער אַ קורץ ליד „מלחמה" — און דאָס איז דער אָנהויב פון דער פעסטונג, — פון דער וואַנט, פון דער נייער וואַנט, וואָס ער האָט פון דאַן אָן ניט אויפגעהערט צו בויען, — אַ וואַנט קעגן שרעק, אַ וואַנט קעגן טרויער.

וואָס שווערער עס איז געוואָרן די שרעק צו פאַרטראָגן, וואָס טיפער, וואָס תהומיקער דער טרויער, וואָס מער פון זיין אייגענעם לייב ער האָט אין פעסטונג

פאַרמויערט, אַלץ פליישיקער האָט ער מיט זיין וואָרט געוועבט די לעגענדע, דעם גלויבן, אַז כאָטש „דאָס זעלבע אַש וועט צודעקן אונדז אַלעם...״ און בלייבן וועט בלויז איינער, אַ פּאָעט, אַ ווילדער שעקספּיר, — וועט ער „טאָן אַ זונג מיט קראַפט און מוטוויל: — מיין גייסט אריאל ,ברענג דעם נייעם גורל, וואָס מיין בלוט וויל, און שפּיי אַרויס צוריק די טויטע שטעט!״

אָט דער גייסט אריאל איז פון דאַן אָן געוואָרן דער גייסט פון סוצקעווערס פּאָעזיע.

ער איז, אמת, געוואָרן דער גייסט, דער הייליקער גייסט, דער רוח־הקודש אויך פון אַנדערע יידישע פּאָעטן. און ווער עס זוכט די פאַרטיפונג, די באַפעסטי־קונג פון זיין גלויבן אין נצח ישראל, — וועט זי געפינען ניט אין דער גאולה־ליטעראַטור, נאָר דווקא אין דער ליטעראַטור פון גלות, אין דער יידיש־ליטעראַטור, דערהויפּט אין איר פּאָעזיע און גאָר באַזונדערס — אין דער פּאָעזיע פון די חורבן־יאָרן. איר טראַגיש־באַגייסטערטע און פיינלעך־פאַרעקשנטע אמונה איז אָן קיין שום תנאים, און זי האָט ניט קיין שייכות צו פּראָגראַמעס. אַמאָל איז זי אַ תמימותדיקע טויב, וואָס ברומט פון די חורבות אַרויס, פאַרטרייבנדיק די נאַכטפייגל, די פלעדער־מייז, די סאָוועס. און אַמאָל איז עס אַ טראַגיש־העראָאישער פרווו גובר צו זיין דעם יאוש אין זיך אַליין. אָבער אַלעמאָל און אומעטום איז דער שטומער רעפרעין: נחמו, נחמו, עמי... אויב אהבת ישראל, וואָס איז שטאַרק אין דער מאָדע, איז ביי אַ סך יידישע שרייבערס געוואָרן די פאָן, איז דער יסוד פון יידישן וואָרט — נצח ישראל, כאָטש עס איז אַרויס פון דער מאָדע. און דעם דאָזיקן יסוד האָט אין אונ־דזער צייט קיינער ניט באַפעסטיקט, ווי דער דיכטער פון „פעסטונג״ — אברהם סוצקעווער.

> ביסט ניט פאַרגאַנגען, דיין פּוסטקייט איז פול,
> פול מיטן פאָלק ווי מיין אויג מיט דער מאַמען.
> ערגעץ נאָך פלאַטערט אַ שיימע, אַ שול —
> ס׳האָבן אויף זיי ניט קיין שליטה די פלאַמען.
>
> (ז׳ 11)

אַזוי הייבט סוצקעווער אָן זיין בוך „יידישע גאַס״. אָבער ניט נאָר אין 1946, אין דער באַפרייטער פּאַריז, ווו ער האָט דאָס ליד געשריבן, — אויך אין די יאָרן 1941 — 1944, ווען אינאיינעם מיט גאַנץ ווילנע און מיט דעם גאַנצן יידישן פאָלק אין אייראָפּע — האָט סוצקעווער זיך געמאַטערט און איז שיעור־ניט אומגעקומען אין די געטאָס, אין די בונקערס, אין די וועלדער, — אויך דאַן האָט ער כמעט אַלע זיינע שעפערישע כוחות און שיעור־ניט די גאַנצע מאַכט פון זיין פּאָעטישער פאַנ־טאַזיע געשטעלט אין רשות פון אונדזער איין און אייניציקער און אייביקער פעס־טונג — דעם גלויבן.

דאָס מיינט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין ביטערע אַטאַ־קעס פון יאוש און מורא. אָ, ניין, ער האָט ניט ווינציקער ווי מיר אַלע געליטן פון

זיי — ווי מען זעט עס אין אַזוינע לידער, ווי „ליד צו די לעצטע״ (ז״ז 19־21), געשריבן אין ווילנער געטאָ, מערץ, 1943: „תּפילה צום נס״ (ז׳ 22), נאָוועמבער, 1942: „פאַרברענטע פּערל״ (ז׳ 43), יולי, 1943, און אַנדערע געטאָ־לידער. אָבער מיין איינדרוק איז, אַז די שאַפונגען, ווו ער בויט אַ וואַנט קעגן שרעק, אַ וואַנט קעגן טרויער, וועגן־איבער די שרעק־ און יאוש־לידער — און ניט נאָר קוואַנטיטאַטיוו, אויך קוואַליטאַטיוו.

וואָס שווערער עס איז געווען אויסצובאַהאַלטן זיך פון די סכנותדיקע שטור־רעמווינטן פון אַלע זייטן, אַלץ מער שפּעדישן כּוח האָט זיך אַנגעטאָן זיין פּאָע־טישער געדאַנק, כּדי זיך זיי אַנטקעגנצושטעלן. ער דערציילט עס אונדז אַליין אין זיין פּאָעמע „פּאַריז״, געשריבן סוף 1946. אַזוי ווי אַן אָדלער „בשעת ער וועגט דעם שטורעם הין און הער אויף זיינע פליגל״, — און דאָס איז אַ לעבעדיק בילד, ניט קיין מליצה, —

אַזוי־אַ פלאַטערט מיין געדאַנק און וועגט דעם נעכטנס וואָג,
ער בויגט זיך, פאַלט, אָט קראַכט ער באַלד אַראָפּ אויף בלוט און ציגל —
געפאַלן, דאַכט זיך! אָבער ווידער גיט אין אים אַ שלאָג
די האָפענונג. ער הייבט זיך העכער, העכער אין אַן עיגול,
ברעכט־דורך די וואָלקנס, און די פליגל טאַפּן־אָן אַ טאָג,
וואָס פינקלט לויטער־ליכטיק ווי אַ דימענט אין אַ שפּיגל.
(ז׳ 193)

דינאַמיש, דראַמאַטיש, טראַגיש, ניט אידיליש איז די באַפליגלטקייט פון זיין וואָרט. ווען עס ברעכט דורך די וואָלקנס און — עס ווערט ליכטיק! אין אים אַליין, ניט נאָר אַרום, שטורעמט דער קאַמף צווישן פינצטערניש און ליכט, יאוש און האָפענונג, — און נאָר מיט מסירת־נפש שלאָגט ער אַרויס פון זיך אַ שטראַל ליכט, אַ פונק האָפענונג... יעדע פּאָעמע זיינע, ניט נאָר „געהיימשטאָט״, איז אַ פּאָעמע פון מאָראַלישן קינסטלערישן ווידערשטאַנד.

אין די זעלביקע יאָרן, אפשר אין די זעלביקע חדשים, ווען ער האָט זיך ווײ־טיקדיק אַראָפּגערעדט פון פאַרצווייפלטן האַרצן וועגן די „לעצטע פון מיליאָנען״, און געהאַט דעם ביאַליקשן מוט זיי צו וואַרפן אין אומגליקלעכן פּנים אַריין אַזוינע שטראָף־רייד, ווי —

איר האָט זיך ניט געביטן אויף אַ האָר,
אַנטלאָפן איז פון אייך געפיל און שפּירונג.
אַ דאָרן זענט איר איצטער, ניט קיין דור, —
פאַרברענטע שערבלעך אייער קוואַל און שפּינוועבס—אייער צירונג.
(ז׳ 20)

אין דער זעלביקער צייט האָט ער זיין פאָלק געמוטיקט און געטרייסט: „דיין פאָלק״, האָט ער געזאָגט „איז שטענדיק אַ בשורה: די אויסלייזונג רייסט זיך פון קייט...״

און אַלע, וואָס האָבן געמאַרדעט דיך, זיי מוזן און וועלן צעפּאַלן,
און ליגן אין שאַנד פאַר דיין וויגל, וווּ ס׳דרעמלט אַ נייער באַשאַף...

(ז׳ 13)

דאָס איז פון אַ ליד, וואָס הייסט „טרייסט־ליד״. אָבער דאָס איז ניט זיין איינציק ליד, וואָס איז ווערט צו האָבן אַזאַ נאָמען. אַ סך, אַ סך פון זיינע בעסטע לידער זענען טרייסטלידער — לידער פון האָפענונג, אויסדרוק פון ביטחון, און טאַקע דערפאַר, וואָס זיי זענען גלגולים, וואַריאַציעס פון איין ניגון, איז נאָך גרעסער דער וווּנדער, וואָס פאַר אַט דעם איין און איינציקן מאָטיוו געפינט דער פּאָעט אַזוינע — און אַזויפיל — פאַרשידענע נוסחאות, פאָרמען, בילדער, ריט־מען...

זינט דעם אָנהייב פון צווייטן וועלט־קריג און פון גזרת היטלער איז זיין וווּקס, קען מען זאָגן, אַ וווּקס אין דער ברייט, ניט נאָר אין דער הויך און אין דער טיף. איין סעריע לידער נאָך דער אַנדערער האָט ער אַרויסגעגעבן זינט ער האָט אין 1945 — 1946 פאַרלאָזן סאָוועטנלאַנד (ווי אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן האָט ער פאַרבראַכט דאָרט דעם לעצטן פּעריאָד פון וועלט־קריג). איין בוך נאָך דעם צווייטן: „ווילנער געטאָ״ (פּאַריז, 1945), „די פעסטונג״ (ניו־יאָרק, 1945), „געהיימשטאָט״ (תל־אביב, 1948), „יידישע גאַס״ (ניו־יאָרק, 1948), „אין פייער־וואָגן״ (תל־אביב, 1952).

ס׳איז אַ פּראָדוקטיוויטעט, וואָס מ׳ווערט נאָך מער נשתומם פון איר, ווען מען ווייסט ווי רייך אָנגעלאָדן עס איז ביי אים יעדע סטראָפע, וויפיל וואָגיקייט עס איז דאָ אין יעדן פערז, ווי ניי עס איז דער וואָרט־אוצר, ווי פיין און דין עס זענען די ניואַנסן פון פאַרב און קלאַנג, די נייע טייטשן פון ניי׳ע ווערבן און אַדווערבן, — ווען מען ווייסט ווי פריש און פול עס איז דער וואָרט־אוצר, ווי דערפינדעריש דער גראַם, וואָס איז אָפט ניי ניט בלויז ווי אַ מיטקלאַנג, נאָר אויך ווי אַ וואָרט („וואָיעניש־הנאהניש״, ז׳ 51, „פאַרשאָלטענער־קאָלטענער״, ז׳ 52, „גאַניק — פּאַראַניק״, ז׳ 66, „געהאָלפן — פאַרוואָלפן״, ז׳ 158, „נאָמען — פאַרנשמהן״, ז׳ 47; און אַז ער דאַרף עפּעס אַ נייעם גראַם צו קאַרשנבוים, שאַפט ער אַ וואָרט „ירשן־בוים״, ז׳ 35, אָדער ער גראַמט גאָר „פרילינגל־בלילינגל״...).

אַ שפע פון שפּראַכלעכער — און ניט נאָר שפּראַכלעכער — שעפערישקייט, וואָס דעם באַשייד פון איר רעטעניש קען מען געפינען, נאָר ווען מען זאָל זיך דערמאָנען אין דעם פּאָעטס אויסערגעוויינלעכע איבערלעבונגען און כמעט אי־בערמענטשלעכע דערפאַרונגען. זיי אַלע האָבן געמוזט אויסגעלאָדן ווערן. זיי אַלע האָבן געזוכט, געמאָנט אַ באַפרייענדיקן אויסדרוק — פריער אין ווילנער געטאָ, דערנאָך אין די וועלדער צווישן די פּאַרטיזאַנען, שפּעטער אין מאָסקווע, אין מערב־אייראָפּע, אין דער יידישער מדינה.

ווען ניט די „שאַרפע ליפּן״, וואָס ער דערמאָנט אין דער סעריע „לידער פון פאַרשאָלטענעם שמייכל״, — ווען ניט די אַלע מוראס און פּיינען, ווען ניט

די אַלע בלוטיקע זונפאַרגאַנגען און אויפגאַנגען — וואָלט זיין פּען „ניט אַרויס־געגראָבן, ווי אַ רידל, פון זיין גייסט פאַרשאָטענע ברילִיאַנטן", און ער אַליין וואָלט „ניט געוווסט פון זיין פאַרמעג, פאַרזיגלט אונטער יאַרנדיקע שיכטן" (ז׳ 61).

די אַלע אומגליקלעכע אָפּקומענישן, די אַלע מסוכנדיקע ווונדן פון גוף און גייסט זענען באַשערט געווען אויך אַנדערע אונדזערע שעפערישע מענטשן. אָבער ניט אַלע האָבן זיך געשיצט קעגן זיי אויף איין און דעם זעלבן אופן. אייניקע, ווי אַ שטייגער, יצחק קאַצענעלסאָן, דער קדוש, האָבן געפּרוווט זיי אַרויסשרייען פון זיך, געזוכט צו לינדערן דעם ווייטיק פון די ווונדן דורך עפענען און אויפ־דעקן זיי פאַר דער וועלטס פאַרמאַכטע אויגן. אַנדערע — און צו זיי געהערט אברהם סוצקעווער — האָבן פּרובירט אַן אַנדער תרופה, און דאָס איז: סובלי־מירונג.

איבער דעם תהום פון אומענדלעכן פּיין האָט סוצקעווער געשפּרייט ליכטי־קע הימלען. אין רעכטן מיטן מבול האָט זיין כוח הדמיון זיך געלאָזט ווילגיין מיט וויזיעס און חלומות פון קינפטיקן רעגנבויגן.

מיר האָבן עס געזען אין זיין לידער־זאַמלונג „די פעסטונג", מיר האָבן עס — נאָך קלאָרער — געפילט אין „געהיימשטאָט".

אין די דאָזיקע אַלע פּאָעמעס און לידער האָט ער געזונגען „פון פּיין, וואָס מוז פאַרוואַנדלען זיך אין שיין". און וואָס מער לידער זיינע מיר לייענען, אַלץ מער דערוויסן מיר זיך, אַז ניט נאָר אין דער טיפסטער, תהומיקסטער טיפע־ניש פון יסורים, אויך אין אירע מער אויבנאויפיקע און לייכטערע ווייטיקן פילט ער — און ברענגט אַן אָנזאָג, אַ בשורה פון שיין. זייענדיק אַ פּאָעט, וואָס די אינטואיטיווקייט שטערט אים ניט צו זיין זעלבסטבאַוווסט, דערציילט ער אונדז אַליין:

בײַ אַ וואַרעמען בערגעלע פערדישע מיסט
וואַרעם איך, וואַרעם די אייזיקע הענט.
איך וואַרעם די הענט און דערבײַ מיך פאַרדריסט:
צו ווינציק ביז איצטער פאַרנומען, דערקענט
די גרויסקייט פון קליינקייט.
ס׳קאָן טרעפן, אַז אויך
פון אַ בערגעלע מיסט אָט דער וואַרעמער הויך
זאָל ווערן אַ ליד אין דערהויבענער שיינקייט.
(ז׳ 14)

וואַרעמענדיק בײַ אַ בערגעלע פערדישע מיסט זיינע אייזיקע הענט — דער־שפּירט ער אין זאַקרעטער וואַלד, נעבן ווילנע, סוף 1941, אַז אויך קליינקייט קען זיך גראַמען מיט שיינקייט, — און וויפיל קליינקייטן און קליינקייטן זענען פון דאַן אָן פאַר אים געוואָרן אַ קוואַל פון גרעסטער דערהויבונג!

אָט שלעפּן אים שטורמיסטן אַוועק צו שווערער אַרבעט. זיי הייסן אים גראָבן

אַ גרוב. און ער גראָבט: „גראָבט ווי מען דאַרף, ווי מען הייסט". גראָבנדיק, גיט ער ניט ווילנדיק „אַ שניט און אַ ווערעמל קליין. עס צאַפּלט פון אונטן — דאָס האַרץ קען צעגיין"... אָבער עס געשעט „אַ וווּנדער דערביי — צעשניטענערהייט ווערן צוויי, ווערן דריי" (ווערעמלעך)...

און ווייטער אַ שניט, ווערן דריי, ווערן פיר —
און אַלע די לעבנס באַשאַפן דורך מיר?

קומט ווידער די זון אין מיין טונקל געמיט,
און אַ גלויבן נעמט שטאַרקן מיין אָרעם:
אויב אַ ווערעמל גיט זיך ניט אונטער דעם שניט,
ביסטו ווינציקער דען פון אַ וואָרעם?

(ז׳ 29)

אָט אַזוי, ביי דעם שניט פון אַ וואָרעם, נעמט אַ גלויבן שטאַרקן זיין אָרעם. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, דערפאַר, ווייל ער וואַרט אויף דעם גלויבן, ווייל ער זוכט אים. מעג זיין געמיט זיין ווי טונקל, זוכט ער ניט, ווי אַנדערע אין אַזאַ פאַל זוכן, נאָך מער טונקלקייט: ניין, ער זוכט זון, און אַז מען זוכט זי — קומט זי....

קומט ווידער די זון אין מיין טונקל געמיט,

אָט זוכט ער אין ווילנער געטאָ היילן (און זאָל דאָס זיין דער לעצטער ביישפּיל פון זיין גלויביקייט, פון זיין זוכן אייביקייט) — אָט זוכט ער היילן, וווּ צו באַהאַלטן פון די נאַציס, די רויבער, זעלטענע ספרים —

היילן, דערלאַנגט זיך אַן עפן,
צעשפּאַלט זיך פון אונטער מיין האַק!
איידער די קויל וועט מיך טרעפן —
איך ברענג אייך מתנות אַ זאַק...

אפילו דאַן, ווען עס איז מעגלעך, אַז די קויל זאָל אים טרעפן, טראַכט ער ניט וועגן אומקום, נאָר וועגן דעם, אַז „דער גייסט זאָל ניט ווערן דערמאָרדט".

שטרעק אינעם שייטער די אָרעמס
און פריי זיך. דער עיקר איז דאָ!
מיינס איז נאָך אַמסטערדאַם, וואָרעמס,
ליוואָרנע, מאַדריד און ייוואָ.

און ער דערציילט אַ געשיכטע וועגן אַ מלך פון מצרים, וואָס האָט געהייסן אין זיין גילדענעם אָרון אַנשיטן קערנדלעך ווייץ — לזכרון, און ער זאָגט וועגן די הייליקע כתבים, וואָס ער ראַטעוועט פון דעם שונאס טמאדיקע הענט:

אפשר אויך וועלן די ווערטער
דערוואַרטן זיך ווען אויף דעם ליכט, —
וועלן אין שעה אין באַשערטער
צעבליען זיך אויך אומגעריכט?

און ווי דער אוראַלטער קערן,
וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין זאַנג, —
וועלן די ווערטער אויך נערן,
וועלן די ווערטער געהערן
דעם פאָלק אין זיין אייביקן גאַנג.

(ז׳ 33)

דעם פאָלקס אייביקער גאַנג אייביקט אין סוצקעווערס ליד זינט נאָכן אָנ־הייב פונעם צווייטן וועלט־קריג. און ווען די יידישע פאָעזיע וואָלט יידן מער קיין זאַך ניט געגעבן, א חוץ א. סוצקעווערס שאַפונג, וואָלט זי אַליין שוין ניט גע־לאָזט זיי פאַרגעסן די אייביקייט פון זייער וועג. זינט 1939 איז סוצקעווערס פאָעטישער גורל געוואָרן איינס מיט דעם גורל פון זיין פאָלקס אומשטערבלעכ־קייט. און ס׳איז באמת אַ וווּנדער, וואָס ער, גראַד ער, איינער פון די מאָדערנסטע יידישע פאָעטן; איינער, וואָס האָט טיפער ווי אַנדערע צעאַקערט דעם באָדן פו־נעם יידישן וואָרט, אים אָנפילנדיק מיט פרישער, פולער און פעטער זריעה, — ס׳איז אַ וווּנדער, וואָס גראַד ער האָט זוכה געווען צו שרייבן אַזאַ הימן דעם אַמאָל און דעם אַלעמאָל פון זיין פאָלק, ווי דער, וואָס זינגט אַרויס פון קאַפּיטל י״ד און אַנדערע קאַפּיטלעך אין דער סעריע „עפּיטאַפן“.

סוצקעווער פון „יונג־ווילנע“, האָט רעפּרעזענטירט די יונגע, די נייע יידישע דיכטונג — און נישט נאָר אין פּאָעטיש־שפּראַכלעכן, אויך אין אַלגעמיין קול־טורעלן זינען. אָבער דער עלטער געוואָרענער סוצקעווער — דער, וואָס האָט גע־לעבט און געליטן אין ווילנער געטאָ, — ער האָט דערזען און דערהערט און דער־שפּירט אין זיך אַליין אַלט־ווילנע, ירושלים ד׳ליטע, איר ירושה. איז אפשר ניטאָ זיך וואָס צו חידושן וואָס אין דעם דערמאָנטן „עפּיטאַף“ (און — אין אַן אַנדער נוסח — אויך אין אַנדערע לידער) שרייבט ער:

אין מאַידאַנעק, אין דער קאַמער,
ווו מען האָט פאַרגאַזט מיין שטאַם, —
אַ תנ״ך אַן אַמסטערדאַמער
ליגט ניט אָנגערירט פון סם.

איך, דער זינגענדיקער אָבל,
אויף אַ שייטערדיקער שפּראַך, —
צערטל, עפן־אויף דעם טאָוול
פון געפונענעם תנ״ך.

בלעטער — דורכגעשטויבטע, גראָע —
נעמען אויפלעבן אין האַנט.
און אויף איינער — אַ צוואה
אויסגעציקלט ביי דעם ראַנד:

— ברודער, טייערער, באַפרייטער,
דאָס איז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג.
נעם דאָס ספרל, טראָג ווייטער,
ביז אין אייביקייט דערטראָג.

(ז' 128)

וויפל מאָל האָבן מיר עס געהערט שוין פון אַלט־ווילנע? איצט זאָגט עס אונדז — אויף איר אַלט־נייער שפּראַך — יונג־ווילנע. הערן עס אַלט און יונג — און טראָגן עס ווייטער — „ביז אין אייביקייט".

---

שלמה סוסקאָוויטש

# אימאַזש און מעטאַפּאָר אין סוצקעווערס ליד

אַ. סוצקעווער צייכנט זיך אויס מיט נייקייט אין אימאַזש און מעטאַפּאָר. ער איז אַזוי דרייסט אין זיינע בילדער און פאַרגלייכן, אַז מען ווייס אָפט ניט, צי איז דאָס די ווירטואָזיטעט פון אַ געניאַלער אינטואיציע אָדער דאָס איז פּשוט כישוף. שטענדיק איז ער דערפינדעריש. דערפון זיין אַנדערשקייט אין דער יידישער פּאָעזיע.

די שאלה איז נאָר ווי אַזוי צו דערפילן און דערזען די נייקייטן און דערפינדערישקייטן, וואָס ער פירט אַריין אין דעם יידישן ליד?

אין דער מאָדערנער דיכטונג לאָזט מען זעלטן הערן דאָס נאַטירלעכע קול. אַלץ ווערט דערגרייכט דורך אַ צונויפשפּיל פון קלאַנגען און ריטמען. דער עיקר איז די קראַפט פון דעם אימאַזש און פון דעם מעטאַפּאַר, דורך וועלכע די וואָר ווערט איבערגעשטאַלטיקט. און אברהם סוצקעווער איז אין דער נייער יידישער פּאָעזיע דער טרייסטער פאָרשטייער פון אָט דער ריכטונג. ווי אַ באַווייז קען דינען די פּאָעמע „סיביר". הגם דאָרט רעדט זיך וועגן זייער אַ קאָנקרעטער דערפאַרונג, וואָס דער דיכטער האָט געהאַט אין זיין פריער יוגנט, בעת ער האָט געלעבט אין סיביר, איז דאָך דאָרטן ווינציק פאַראַן קאָנקרעטקייט. ער אַבסטראַהירט זיין דערפאַרונג דורך אַזוינע אימאַזשן, אַז ס'דאַכט אין דער ווירקלעכקייט האָט עפּעס אַזוינס קיינמאָל ניט געקענט געמאָלט זיין.

א. סוצקעווער הייבט אָן זיין וווּנדערלעכע פּאָעמע „סיביר" מיט אָט־די שורות:

> זונפאַרגאַנג אויף אייזיק בלאָע וועגן.
> זיסע דרעמלפאַרבן אין געמיט.

ווען מיר פּרובירן אַנאַליזירן אָט־די ווערטער און זוכן אויפצוכאַפּן זייער זינען, קענען מיר זיך ניט אָפּוווּנדערן, וואָס פאַר אַ סתירות דער שעפערישער גייסט קען אויסגלייכן און ווי אַזוי ער קען דערפון אַרויסבאַקומען די העכסטע שלימותדיקע האַרמאָניע. ווייסן מיר ניט, צי האָט עמעצער ערגעץ־ווו געזען אַזאַ קאָליר ווי ד ר ע מ ל פ אַ ר ב ן און צי עמעצער ווייס, וואָס פאַר אַ טעם דאָס האָט: זיס אָדער ביטער? אויך ווייסן מיר ניט, וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַזאַ קאָמבינאַציע מיטן געמיט. פונדעסטוועגן גיבן אונדז די שורות איבער אַ קלאָרע וויזיע. מיר ווערן אַזוי גערירט פון דעם דיכטערס שטימונג, אַז מיר פילן לחלוטין ניט די סתירות־

דיקייט פון די ווערטער און באַגריפֿן. פֿאַרקערט, מיר פֿילן די האַרמאָנישע פֿול־בלוטיקייט פון דעם אימאַזש, וואָס גיט אונדז ניט די דערשיינונגען אַזוי ווי אונדזערע שטומע חושים זעגען עס געוווינט אויפֿצונעמען, נאָר אַזוי ווי די זאַכן זעגען אין זייער תוך.

אויף אַן אַנדער אָרט אין דער זעלביקער פּאָעמע זינגט סוצקעווער:

בליען פון די שאָטן־אַפּלען קווייטן,<br>
קוועקזילבערנע קווייטן אָן אַ שיעור.

זיכער קען זיך קיינער ניט דערקלערן ווי אַזוי פון שאָטן־אַפּלען קענען בליען קווייטן. און וואָס מיינט בכלל שאָטן־אַפּלען? איז דאָס אַ רעמיניסצענץ פון שוואַרץ־אַפּל? דאָך ווען מען שטעלט עס אונדז פֿאַר דורך די פֿאַרבן פון אימאַזש, איז עס פֿאַר אונדז קאָנקרעטעווירקלעכקייט. מיר פֿילן, אַז אַנדערש האָט עס גאָר ניט געקענט זיין.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די זעלביקע אימאַזשן קענען אויך דעפֿינירט ווערן ווי מעטאַפֿאָרן. פּאַקטיש קומט גאָר דער מעטאַפֿאָר פֿריער, ווייל ער איז דער עלע־מענט פון וועלכן דאָס בילד קומט אויף. ביי סוצקעווערן זעגען כמעט אַלע אי־מאַזשן געבויט אויף מעטאַפֿאָרן. דערפון זייער אינטימע געבונדנקייט איינס צו די אַנדערע, גלייך ווי מען וואָלט זיי גאָר קיין מאָל ניט געקענט אָפּטיילן. אויב סוצ־קעווער איז אַזוי דרייסט אינעם אימאַזש, איז ער עס אַ סך מער אין דעם מעטאַ־פֿאָר. אויף דעם האָט ער ביי אונדז גאָר קיין גלייכן ניט. ווי אַ ביישפּיל ווען מיר ברענגען נאָך עטלעכע שורות פון דעם פּרעכטיקן „סיביר“:

דורך אַן אייזיק אָנגעפּעלצטן שייבל<br>
שמעקט אַ וואָלף צום פֿלייש פון דער מוזיק.

— — — — — — — — — — —

נעמען שטערן מיט געזאַנג מיך קריינען<br>
שטערן אויפֿגעבלאָזענע אין ווינט!

— — — — — — — — — — —

זשומעט נאַכט אין באָרד אַריין אַ סוד אים:

— — — — — — — — — — —

ווען מיין לעבן צאַנקט ווי אַ לאַמטער,<br>
בייג איך מיין געזאַנג צו אייך אַריבער<br>
עפּן זיבן אויערן און — הער.

— — — — — — — — — — —

און מיר עסן ביידע די לבנה<br>
ווי אַן אויפֿגעשניטענעם קאַוואָן.

דאָס באַנוצן זיך מיטן מעטאַפֿאָר איז גאָר ניט דווקא קיין מאָדערנע דערפֿינ־דונג. אויך פֿאַר דער פּרימיטיווער מענטאַליטעט איז אַזאַ אויסדרוק ניט געווען

פרעמד. ווי אייניקע פאַרשער זענען משער, איז אַזאַ שפּראַכיקע פאָרעם אויפגע־קומען צוליב דער נויטיקייט אויסצוהיטן זיך פון די טאַבוס. דער מעטאַפאָר איז דעמאָלט געווען אַ מין אינטעלעקטועלע באַשיצונג קעגן אַזוינע אידעען אָדער פאָר־שטעלונגען, וועלכע זענען באַטראַכט געוואָרן פאַר זינדיק. בכן איז מען געצוווּנגען געווען אויסצוטראַכטן אַזאַ עקוויוואַלענט וואָס זאָל פאַרבייטן דעם פאַרבאָטענעם אויסדרוק. דערמיט אפשר דערקלערט זיך, וואָס אַריסטאָטל האָט דעם מעטאַפאָר דעפינירט ווי אַן אַנאַלאָגיע, ד״ה, ווי אַן אויסדרוק וואָס גיט איבער מיט אַנדערע ווערטער דאָס, וואָס איז שוין באַקאַנט. (פּאָעטיקאַ, 21סטער קאַפּיטל). די מעטאַ־פאָרישע פאָרמען זענען אָבער אַ סך מער ווי פאַרגלייכונגען. זיי זענען כמעט דער עצם יסוד פון יעדער אויסדרוק, אויך אפילו פון דעם וואָס ווערט אויסגעדריקט דורך צייכנס אָדער באַוועגונג. אַזוי איז אַ קוועטש מיט די פּלייצעס, אַרויסשטעלן אַ צונג, אַ פינטל מיט אַן אויג ניט ווייניקער בילדעריש־מעטאַפאָריש ווי דאָס איז דער שפּראַכיקער אויסדרוק. אויך אונדזער געוויינטלעך לשון איז פול מיט דעם. ווי „דער וואַלד איז אַלט", „דאָס לעבן איז קורץ". וויפל די באַגריפן זאָלן זיך ניט וועלן באַפרייען פון דעם בילדערישן וואָרט, קענען דאָך זיי גופא אַן אַזוינע פאָרמען זיך ניט באַגיין.

דאָס איז אָבער געווען, וועגן אַזוינע מעטאַפאָרן, דורך וועלכע מען איז אויסן עפּעס אויפצוקלערן. אַזוי ווי מען קען זיך ניט אויסדריקן דירעקט, טוט מען עס דורך אַ פאַרשטעלטן וועג. סוצקעווער אָבער ניצט דעם מעטאַפאָר גראָד דערפאַר, ווייל דורך אים האָט ער אַ מעגלעכקייט זיך אויסצודריקן דירעקט. ווען ער זינגט, אַז דער וואָלף שמעקט „צום פלייש פון דער מוזיק", פירט ער ניט אויס קיין פאַרגלייך. אויך איז דאָס ניט קיין באַפּוצונג, נאָר דאָס איז דער מאַקסימום אויסדרוק פון דער לעבעדיקייט פון דער מוזיק, גלייך ווי פון איר וואָלט זיך בלוט געגאָסן. דאָס אייגענע איז אויך, ווען ער זינגט „בייג איך מיין געזאַנג צו אייך אַריבער, עפן זיבן אויערן און — הער". ווייסן מיר, אַז געזאַנג לאָזט זיך ניט אַריבערבייגן און אַז אַ מענטש האָט ניט קיין זיבן אויערן. וואָלט עס ביי סוצקעווערן געווען בלויז אַ משל, וואָלט עס ניט געהאַט אַזאַ ווערט. ווייל משלים קען מען אויסטראַכטן שענערע. דאָס וואָס גיט אָט די שורות דעם פרישן רוח־חיים, איז די שפע פון דעם דיכטערס אויסדרוקס־מיטלען, וואָס זענען ביי סיי אין ריטעם און סיי אין דער אינעווייניקסטער מעלאָדישקייט. צו דער זעלבער צייט זענען זיי אויך אָריגינעל און עכט אין געפיל.

אויך ווען סוצקעווער גיט איבער זיינע דערפאַרונגען פון די אומקום־יאָרן, איז ער צום שטאַרקסטן דאָרט, וווּ ער דריקט עס אויס דורך דער קראַפט פון מעטאַפאָר און אימאַזש.

---

יעקב פיכמאַן

# וועגן סוצקעווערס פּאָעזיע

ייִדיש: י. ב.

### א.

איך באַדויער זייער, וואָס דאָס בינטל שירים, וואָס זיינע חברים־דיכטער האָבן דערלאַנגט סוצקעווערן אין אַ העברעאישער איבערזעצונג, האָבן געגרייכט צו מיר אין לעצטן מאָמענט און וואָס איך קען זיך נישט קאָנצענטרירן אין אָט דער שאַפונג, ווי זי איז דאָס ווערט. איך בעט דערפאַר צו זען אין אָט דער הקדמה נישט תמציתדיקן עפּעס, נייערט אַן איילנדיקן אויסדרוק פון די פאַרערונג־געפילן, וואָס די דאָזיקע וווּנדערלעכע פּאָעזיע האָט אין מיר דערוועקט.

ווער נאָך ווי איך פאָדער פון אָפּשאַצער, אַז ער זאָל קענען דעם דיכטער אין זיינע אָפענע און פאַרבאָרגענע גרענעצן? דער דיכטער אַנטפּלעקט זיך נישט דווקא דאָרט, וווּהין מיר טרעפן מיטן אויג, נאָר צומאָל אַנטפּלעקט ער זיך בפירוש אין אַזאַ ווינקל, וואָס נישט מיר און נישט ער אַליין האָבן געמיינט, אַז ס'וועט נתגלה ווערן. אָבער — אין אַ פּרוכטבאַרער ערד איז דאָך דער צענטער סוף־כל־סוף אומעטום, וווּהין מען שטעקט אַריין די לאָפּעטע.

איך כאַפּ דערפאַר אַ קוק אויף דעם קליינעם און גרויסן בייט און איך באַגניגן זיך מיט דער קוואַנטיטאַטיוו־קליינער זאַמלונג, מיט דער האָפענונג, אַז אין פּאָעזיע גיט דער „חלק" צו וויסן וועגן „אַלץ". און באמת איז אין דעם קליינעם ביכל פאַר מיר טאַקע אַנטפּלעקט געוואָרן די באַזונדערע וועלט פון דעם דיכטער, וועלכער זעט מיט די אייגענע אויגן און האָט אַן אייגענעם אויסדרוק.

אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור איז אָנגענומען, אַז די גרויסע פּאָעטישע תקופות (ווי די העברעאישע פּאָעזיע אין שפּאַניע) זענען איבערגעריסן געוואָרן איבער די גרויסע אומגליקן, וואָס האָבן געטראָפן אונדזער פאָלק. און איצ־טער, נאָך דעם גרעסטן אומגליק, וואָס איז אויף אונדז געקומען זייט אייביק אָן, זענען מיר עדות פון אַ וווּנדערלעכער דערשיינונג. דווקא אין אָט דער שרעקלעכער תקופה האָט זיך צעבליט די שירה פון פאָלק ישראל — די שירה פון דעם שוידער אַליין — גלייך די פּינצטערקייט אַליין האָט אַריינגעגאָסן איר בלוט אין איר. די אָפּגעווישטע ווילנע האָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע דיכטער ווי גראַדע און סוצקע־ווער, וואָס דער שוידער האָט ניט נאָר זיי ניט צעשטערט, נאָר זי האָט נאָך פאַר־טיפט זייער זען. גלייך די השגחה אַליין האָט זיי איבערגעלאָזט, בכדי ס'זאָל ניט

פאַרלוירן גיין לדורות די גרויסע אימה, וואָס נאָר דיכטער מיט שטאַרקע שפּרייזן זענען בכוח איר צו געבן אַזאַ אמתדיקן אויסדרוק, וואָס זאָל קיינמאָל ניט פאַר־וועלקט ווערן.

אַזאַ־אָ מעגלעכקייט איז אַליין אַן עדות אויף אַ לעבן־כוח און אַ גלויבן פון האַרצן, זי איז אַליין אַ גאַראַנטיע, אַז טראָץ אַלע קאָשמאַרן, וואָס די אומה האָט איבערגעלעבט — האָט זי אָפּגעהיט איר האַרץ, האָט אָפּגעהיט די אמונה אין איר לעבן, אין איר צוקונפט. די פּאָעזיע, אויף וויפל זי איז פון גרויסן ווערט פאַר זיך אַליין, איז זי טייער אויך ווי דער אוצר פון וויטאַליטעט, ווי די פעאיקייט פון פאָלק כסדר זיך צו באַנייען. דורך דעם האַרצן פון דיכטער רעדט תמיד דאָס האַרץ פון דור. און זיבן מאָל טייערער איז אונדז דאָס האַרץ פון דיכטער, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון די חורבות פון דער וועלט — טייער ווי אַ צייכן, אַז עס דער־וואַרטן אונדז נאָך טעג פון בליאונג און אַז נישט אַלץ איז געפאַלן אונטער דער האַק פון רוצח.

ב.

אָבער אַ דיכטער אין פולן זין פון וואָרט איז אין זיין גאַנצער אַנטפּלעקונג תמיד אַ פּידל פון דער וועלט. צי ער אַנטבלויזט די שאַנד פון דער וועלט, צי ער זאָגט איר שבחים, איז ער אַן אויג, וואָס זעט און וואָס דאָס דאָזיקע אויג כאַפּט אויף, היט ער אָפּ און ער דערציילט עס.

דאָס אויג פון סוצקעווערן האָט זיך באַהעפט צו דער וועלט איידער ער האָט דערקענט אירע מוראדיקע גרויזאַמקייטן און דאָס דאָזיקע אויג, דאָס אויג פון דיכ־טער, היט ווי אַן אוצר, וואָס דער גורל האָט אים אָנגעגרייט.

אוודאי זענען די גרויזאַמקייטן אַריינגעשטעקט געוואָרן אין זיין לייב, אַזוי ווי ברענענדיקע נאָדלען. און פאַרשעמט וואָלט געוווען דאָס האַרץ, וואָס פאַרגעסט, דאָס האַרץ, וואָס וואָלט פאַרגעסן, אַז דער שייטער איז שוין געווען גרייט פאַר זיינע אויגן און טאָקע פאַר אים, וואָס וואָלט פאַרגעסן די רגע פון „ערב זיין (מיין) פאַרברענונג", ווען „אַלע זונען האָבן אָפּגעוועלטיקט", האָבן אַלץ פאַרפלייצט, האָבן פאַרשלונגען דעם מענטשן און דעם מענטשנס שיינקייט און די שיינקייטן פון דער וועלט:

> **און איך בלייב אַליין אין וועלט־סוף, ווי אין אַ פאַרפלייצונג,**
> **ס'בלייבט אַ בוים שטאָק עלנט מיט משוגע גרינע אויגן,**
> **וואָס דערקענען ניט די צייט, די אַלטבאַקאַנטע לאַנדשאַפטן,**
> **וועגן, שטעגן, זאַנגענפעלד אַנטקעגן — ניט בנמצא.**

אָט דאָס געזאַנג ברענט אויף די ליפּן פון דיכטער און עס איז ניט פאַראַן דער כוח אין דער וועלט, וואָס זאָל אַראָפּנעמען די שוואַרץ־רויטע קויל פון זיי. אָבער דאָס האַרץ היט אויך די שפע, וואָס קיין שום שטרויכלונג וועט זי ניט פאַרפלייצן.

און דער דיכטער ווענדט זיך צו די גראָזן, צו די לאַנדשאַפטן און פונקט ווי „ערב געבוירן" מייסטערט ער צו זיי זיין בריוו — „אַ בריוו צו די גראָזן", — וועלכע זענען פאַר אים ווידער אַנטפּלעקט געוואָרן, ווי די שפע פון אַלמעכטיקן און ער זינגט:

**אַ קאַרשנבוים עפנט זיין פּאַלאַץ פון בליט.**
**די האַנט פון פּאָעט, זי ווערט אויפגעט צעבליט**
**מיטן בלוט פון חלומות.**

די דאָזיקע גראָזן, דער דאָזיקער וואַלד, וואָס פון זייער טיפענישן האָבן אַמאָל געבליצט די שבת־ליכט, די ליכט פון יוגנט און ריינקייט, די דאָזיקע וועלט בליט און ווייטיקט נאָך אין האַרץ פון דיכטער און ער ליאַנטשעט זיך צו אָט דער וועלט, צו אָט די גראָזן, וואָס זיין האַרץ וויל זיך פאַרוואַנדלען פאַר זיי „אין אַ ווילדן רעגן" בכדי זיי זאָלן „איינזאַפּן ביז ווייטיק זייער טראָפּנס" און ביי זיי בעט ער אין זיין „בריוו":

**און פאַרגעסט ניט אויפבליען אַמאָל ביי מיין צוקאָפּנס.**

דער גערעַנגל אין האַרצן צווישן רויטקייט פון קאַרשן און רויטקייט פון ווונדן, צווישן די תהומות פון דער וועלט און זייער בליענדיקע פליענען, דאָס איז דאָס געזאַנג פון דיכטערס צאַפּלענדיקן האַרץ, וואָס האָט געזען די שיינקייט פון דער וועלט און איר שאַנד און וועלכער קען ניט בלייבן פרעמד צו איינער פון די צוויי צווילינג־וועלטן, וואָס זענען היינט איינס אין זיין האַרץ. פאַרטיפט דען ניט איין טייל דעם צווייטן, כאָטש זיי זענען זיך ביידע אַזעלכע שונאים? און כאָטש דאָס איז דער גורל פון אַלעמען צו פילן פון היינטן דעם גיהנום פון די באַצווינגער, ווען פאַר אונדז בליט די ערד ווי אַמאָל, ברענט אָבער זיבן מאָל מערער דער תהום פון דער וועלט די פּיס פון דעם דיכטער, וואָס איז אַרויסגעקומען פון גיהנום, ווען די גראָזן שפּרייטן זיך פאַר אים, צערטלען און רייצן.

אָבער ווען איינער איז געשטראָפט געוואָרן צו זען מיט זיינע אויגן, וואָס עס האָט געזען סוצקעווער, זעט ער נאָך עפּעס, ניט נאָר די שיינקייט פון דער וועלט, נאָר ער זעט די ערד, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט בלוט און טרערן; ווען עס דערגייט צו אים די זיסקייט פונעם רעגן, וואָס פּלייצט פונדערהייך און די ערשטע גרינ־קייט, וואָס דערפרייט די וועלט — באַגליקן זיין אויער, זיין אויג די קלאַנגען און פאַרבן, וואָס זענען די איינציקע גאָב פון זיין טרויעריקן גורל — אַ גאָב וואָס עס זענען זוכה בלויז יענע, וואָס האָבן געזען ביזן סוף.

ג.

דאָס אויג פון אונדזער דיכטער האָט זיך ניט געגליטשט אויף דער פלאַכקייט פון די זאַכן אויך איידער עס האָבן אַ שטראָם געטאָן צו אים די אויסברוכן פון דער וועלטס אָפּגרונט. דעם דורשט צו פאַרטיפן זיך אין די באַהעלטענישן פון דער וועלט האָט מען געמערקט אויך אין זיינע ערשטע שירים, די „פּרעהיסטאָרישע"

— צום גרויסן ב ל י ץ ־ א ו י ס ד ר ו ק — וואָס פ אַ ר ל אַ נ ג ט אַ נייע ראיה און אַזעלכע זע־כלים, וואָס זענען ניט פאַרזשאַווערט געוואָרן. עס האַנדלט זיך דאָ לחלוטין ניט וועגן קיין ענין פון אַ ליטעראַרישער „שול", אָדער פון מאָדער־ניסטישע עקספּערימענטן. דאָ איז באַלד בולט געוואָרן די דערקענטעניש, אַז אַ גע־ווענלעכער חוש־הראיה איז אַ האַלבער חוש־הראיה און אַמאָל איז ער גאָר קיין ראיה נישט.

די כוונה פון אָט די פראַגמענטן איז ניט נאָכצוגיין דעם וווקס פון דיכטער, וואָס זיינע ערשטע זאַכן האָבן ווייניק געגרייכט צו מיר. אָבער דאָס ביסל, וואָס האָט געגוצט ווי אַן אָנהאַלט פאַר אָט דער אָפּשאַצונג, דערשיינט אונדז ווי אַ באַ־ווסטזיניקע שאַפונג, וואָס גראָבט אין די פאַרבאָרגענישן פון דער וועלט, אַ שאַ־פונג, וואָס גראָבט מיט אַלע אירע כוחות אין דעם גאַנצן זיין, שפּאַלט אַ שיכט נאָך אַ שיכט און הערט ניט אויף און זי רעדט זיך ניט איין, אַז זי האָט שוין געגרייכט צום סוף, ווייל זי זוכט טאַקע צו גרייכן ביז צום סוף.

דער אָפּגרונטלאָזער גרויל, וואָס די וועלט האָט ביז איצטער ניט געקענט קיין גלייכן, קערט זיך אום און הייבט זיך אויף קעגן אויג און מאָנט אויך אַזאַ האַרץ־שטורעם, וואָס די וועלט האָט קיין גלייכן ניט געקענט.

ד.

און דערביי מוז מען דערלאָזן נאָך איין דערקענטעניש: אַז די דאָזיקע מגילה, די גרויל־מגילה, האָט דער דיכטער באַהאַלטן פאַר די קומענדיקע יאָרן — ווייל די חורבות, וואָס האָבן קיין גלייכן ניט, פאָדערן ניט בלויז אויפשטורעם, נייערט אויך אַן אויפלעב, וואָס האָט ניט קיין גלייכן. און אַזוי ווערט געזאָגט צום זון, וואָס וועט געפינען דאָס שטיקל פאַרמעט אויף דעם האַלדז פון זיין טאַטן:

אויב דו וועסט אים געפינען,
איז מיין פאַרזאָג:
ניט קלאָג!
נאָר גראָב די ערד און גראָב אַרויס דערינען
אַ שערבל, אויב ניט זיין וועל איך אינגאַנצן
און נעם דאָס שערבל מיט און טו עס פלאַנצן
אין פרדס, וווּ די קינדער דיינע טאַנצן.

איז דען געווען, אַז אַ חורבן זאָל געבוירן אַ נייע וועלט? אמת, נאָך דעם פאַרלענדן שפּראָצט עפּעס אַזוינס וואָס נאָר אַ גרויסער אומגליק געבוירט דאָס. און דאָס האַרץ, וואָס איז שוין געווען אינגאַנצן צעבראָכן, דערשמעקט אין אָט דעם בליען דעם וווּנדערלעכן ריח פון לעבן:

ווען כ'וואָלט ניט זיין מיט דיר ביינאַנד,
ניט אָטעמען דאָס גליק און ווייַ דאָ,

ווען כ'וואָלט ניט ברענען מיטן לאַנד,
וואָלקאַניש לאַנד אין חבלי לידה,
ווען כ'וואָלט אַצינד, נאָך קיין עקדה,
ניט מיטגעבוירן מיטן לאַנד,
ווו יעדער שטיינדל איז מיין זיידע,
געזעטיקט וואָלט מיך ניט דאָס ברויט,
דאָס וואַסער ניט געשטילט מיין גומען.

דאָס דאָזיקע, וואָס איז אָנגעשריבן פאַר דעם לעבן, איז אָנגעשריבן פאַר דעם ליד, איז איבערגעבליבן פאַר דער שאַפונג פון לעבן. איז קיין וווּנדער ניט, וואָס דער דאָזיקער, וואָס אין זיינע אויגן בלאָנדזשעט נאָך די גרענעצלאָזע נאַכט, זאָגט נאָך אין זיין ביטחון:

געקומען בין איך ניט געבעטן
דיך, וועלט, צו פאַרשטיין.

און עס וועט אונדז ניט זיין קיין חידוש, וואָס דווקא ער, וואָס „האָט קיין על־טער ניט", פילט, אַז מיט אים שפּראָצט און גייט אויף אַ נייע וועלט.

כ'בין יונגשאַפט, כ'בין אָנהייב,
מיין גייסט איז פאַרבונדן
מיט הימלישע הייכן.

און עס וועט אונדז ניט זיין קיין חידוש, וואָס דווקא דער דיכטער, וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן פון די גיהנום־ליידן, ברענגט די בשורה פון דעם יונגן טאָג.

ה.

ווען איך האָב איינמאָל אויסגעדריקט די מורא, אַז איבער דעם דריטן חורבן וועט די אַשכנזישע מסורה אַרויפצווינגען איר סטיל אויף אונדזער פּאָעזיע, איז אין דעם נישט געווען קיין עסטעטישע שרעק. סוף־כל־סוף, וואָס פאַר אַ ווערט האָט אפילו די גאָר גרויסע פּאָעזיע לגבי איין קינד, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין דער מוטערס אויגן? אין יענעם זאָג מיינעם — געווען די מורא פאַר דעם, אַז די וועלט וועט זיך דערפילן פאַרלוירן, אַז דער ווייטיק אַליין וועט ווערן אַ פאַרלוירנקייט און ער וועט ניט אויפהייבן דעם גייסט פון דער אומה, נאָר ער וועט אים ווידער פאַר־קנעכטן צו אָפּגעריבענע פסוקים און אָפּגעריבענע מטבעות. די פּאָעזיע איז ניט קיין לוין פאַר אַ לעבן, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען, פאַר אַ וועלט, וואָס איז איינגעזונ־קען געוואָרן, אָבער אַ גרויסע פּאָעזיע זאָגט עדות אויף אַ מוט, וואָס איז ניט פאַר־לוירן געגאַנגען, אויף דער נשמה פון דער אומה, וואָס האָט זיך ניט פאַרלוירן.

און דערפאַר איז פאַראַן אין דער דאָזיקער פּאָעזיע, וואָס האָט אַרויסגע־שפּראָצט פון אומקום — עפּעס פון גבורה, עפּעס פון דער דערקענונג, אַז מיר זענען

ניט פאַראַרעמט געוואָרן, אַז דער שונא האָט ניט געגרייכט זיין ציל — צו דער־שלאָגן דעם יידישן געניוס און דאָס איז דאָך דער סימן מובהק פון אונדזער קיום. די דאָזיקע פּאָעזיע איז ניט אין דער בחינה פון קינות, נאָר זי פאַרמאָגט אין זיך בראשיתדיקס. אן אָנהייב פון דערלייזונג, פון אַ ווילן דערלייזט צו ווערן. ווייל נאָר אין עצם פון אונדזער לעבן — אין אונדזער דראַנג צום לעבן, וועלן מיר נוקם זיין אונדזער נקמה — און דאָס דאָזיקע האָט דאָך דער דיכטער אַריינגעטאָן אין מויל פון יידן, ווען ער זעט דעם וווּנדער פון געבוירענעם קינד:

אָ, טאַטע פאָטער, ווי דו נערסט
מיט אַלע פּרוווּנגען מיין עלטער!
נאָר עפּעס ווער איך שטאַרק, ווי ס'וואָלטן
די אַלטע טויטע מיר געשאָנקען
די גבורה זייערע, וואָס קיינער
באַדאַרף ניט מער. דאָס קינד מוז לעבן,
דאָס קינד, דאָס קינד — — —

אַלץ, וואָס איז פאַראַן אין אָט דער זאַמלונג, איז ניט מער ווי אַביסל פון אַ סך, אָבער דאָס ווייזט אונדז די אייגנשאַפטן פון דיכטער, די קראַפט פון זיין בילד, דעם כוח פון זיין אויסדרוק, דעם אינסטרומענט פון דעם לעבעדיקן הארצן, וואָס ס'האָט געטראָפן זיין דור, וואָס ס'טרעפט מיט אים אויך דאָ, אין לאַנד פון זיין נייעם פאַרפלאַנצן זיך. אויף אַ וווּנדערלעכן שטייגער זענען דאָ אויסגעוועבט דאָס פאַרוויאַנען און דאָס אויפבליען ,די טעג פון שוידער און די טעג פון גאולה און ס'איז ניט פאַראַן קיין חילוק צווישן „פאַרפרוירענע יידן" (דאָס איז — אפשר דער שטאַרקסטער אויסדרוק פאַר דעם לעבן, וואָס די שטיקער אייז האָבן פאַר־גליווערט און „דער טויט איז אין זייערע קערפּערס ניטאָ") און צווישן „קבר־קינד", וואָס אין אים איז פאַראַן אַ רמז אויף דעם לעבן, וואָס קומט אויף פון דעם אומקום. אַלץ אָטעמט מיט ווייטיק און פּאָעזיע, ווייטיק און אמונה. איז דען פאַראַן טויט דאָרט, וווּ עס שפּראָצט די פּאָעזיע, וועלכע איז אַליין אַ סימבאָל פון ביי־געבוירן לעבן?

די דאָזיקע שירים זענען איבערגעזעצט געוואָרן דורך דיכטער, וואָס זענען קרוביש צו סוצקעווערן און זיין סטיל. און ווי גוט ס'זאָל ניט זיין די איבערזעצונג פון אַ ליריש ליד, איז דאָס אַלץ ניט מער ווי אַ רמז צו דעם, וואָס ס'איז פאַראַן אין אָריגינאַל. עס איז פאַראַן אין אָט־די שירים, אין כלל גענומען, עפּעס פון אַ האַרמאָנישן סטיל. און עס זענען פאַראַן אויך איינזאַמע פערזן, וואָס עס ווייזט אויס, אַז ערשט אין העברעאיש האָבן זיי באַקומען זייער פולן תיקון.

---

ש. קאַטשערגינסקי

# מיין חבר סוצקעווער

אין ווילנע איז ער שוין געווען איבער אַ צענדליק יאָר, ער פלעגט אָבער חלומען כסדר וועגן די ערשטע זיבן יאָר פון זיין לעבן אין סיביר, ווו די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אים פאַרטראָגן פון ליטוויש־ווייסרוסיש־יידישן סמאָרגאָן.

— ער שרייבט אויך לידער — האָט מען אים פאַר מיר איינמאָל פאָרגע־שטעלט.

דאָס איז געווען מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק.

אַן אויסגעאיידלטער, אַ פאַרמעטענער, אַ וויגנדיק ערשט פאַרפלאַנצט ביימל אין בלי.

מאָדנע לידער האָט ער כסדר געלייענט: פול מיט דימענטן און בריליאַנטן, שמאראגדן און קרישטאָלן, מירמלשטיינער און רעגנבויגנס. ע ר האָט בסדר געזען פאַר זיך די סיבירער לאַנדשאַפט און איך, און מ י ר האָבן נאָר געזען שמאָלע פאַסן הימל איבער אונדז פון די צעקרימטע געסלעך פון ליטעדיקן ירושלים.

איך בין געווען פאַרעסק׳ט מיט הענגען רויטע פענער אין פינצטערע מעת־לעתן אויף טעלעגראַפן־דראָטן, מיט ווארפן פּראָקלאַמאַציעס אַרום מיליטערישע אָביעקטן, מיט רופן אין לידער צו טאטעס, מאַמעס און קינדערלעך אויף באַרי־קאַדן.

פלעג איך דעריבער טענהן צו אים:

— אַבראַשקע, קען זיין, אַז דיינע לידער זענען ניט שלעכט, אָבער די איצ־טיקע צייט איז לויטער שטאָל און ניט פון קרישטאָל... ווער קען אַזעלכע לידער פאַרשטיין, באַנעמען?

ער האָט אָבער אַנדערש ניט געקענט.

זיין „צרה“ איז נאָך אויך געווען, וואָס ער איז זיך געגאַנגען אין אַ באַזונ־דער זייטיקן וועג, ווען זיינע חברים און די דערוואקסענע שרייבער האָבן מאַר־שירט אויף דעם ברייטן שליאַך פון נאָרמאַלן דרך המלך פון דער יידישער ליטע־ראַטור אָדער זענען געווען אונטער דער שטאַרקער השפעה פון אַנדערע.

די גרופּע „יונג־ווילנע“ האָט שוין געהאַט צווישן זיך אַזעלכע באַקאַנטע נע־מען ווי די אייגנאַרטיקע פּאָעטן און פראַזאַאיקער אלחנן וואָגלער, לייזער וואָלף, שמשון קאַהאַן, משה לעווין (שפּעטער — גראַדע). עס זענען כסדר געקומען

נייע קאַנדידאַטן אָנגענומען צו ווערן אין דער גרופּע, אָבער די לידער פון סוצ־קעווערן זענען באַטראַכט געוואָרן פון דער מערהייט פון דער גרופּע ווי ניט ראוי געדרוקט צו ווערן. מען האָט דעם קאַנדידאַט געהייסן וואַרטן. אפשר, אפשר... מיט דער צייט...

אויך די עלטערע שרייבערס האָבן ניט געפילט קיין טעם אין ייִנגלס שרייבער־שפּילעריי.

און אַזוי ווי ס'איז שווער צו ווערן אַ נביא אין אַן אייגענער שטאָט, אַזוי איז משמעות אויך ניט לייכט צו ווערן אַ באַרימטער פּאָעט צווישן אייגענע.

די סמיכות האָט דער יונגינקער סוצקעווער באַקומען זייענדיק אין וואַרשע פון... ניו־יאָרק, פון דיכטער א. לעיעלעס וואָס האָט אים אין באַגייסטערטע בריוו דערמוטיקט און געדרוקט זיינע לידער אין „אינזיך".

מיר האָבן סוצקעווערן ענדלעך אַריינגענומען אין דער גרופּע, אָבער מען קען ניט זאָגן, אַז מיר זענען געוואָרן מיט אים אייגן, נאָענט.

ער איז געווען דורכויס אַן אינזיכיסט אין זיין שאַפונג און מיר זענען געווען שרייבער אויסזיכיסטן...

צוויי שטראָמען האָבן אַרויסגעקוואלט פון יונגן פּאָעט. עקשנות און טאַלאַנט.

מיר דוכט, אַז חבֿריש זענען מיר, פון דער גרופּע, געווען ביידע צום נאָענטסטן.

ניט איין זומער האָבן מיר צוזאַמען פאַרבראַכט אין דער הערלעכער ווילנער פּראָווינץ. דעמאָלט האָב איך אים אָנגעהויבן מער צו פאַרשטיין. זיין פאַרליבטקייט אין זון און אין שטורעם, אין לויטערקייט פון טאָג און אין גאָסרעגן פון דער נאַכט האָט אויך פאַר מיר אַנטפּלעקט די שיינקייט.

שיינקייט האָט ער געזען ניט נאָר אין די אויף אָדער אונטערגייענדיקע טעג, שיינקייט האָט ער אויך געזען אין שטורעם און זאַווײ, אין וואָלקנבראָך און אין די זומפּיקע גרינען.

דערפאַר איז ער אויך אין ג ע ט אָ געווען דער אָנזאָגער, דער טרייסטער, דער שטראָפער, פון די ביטחונדיקסטע, פון די קעמפנדיקסטע.

אין לעצטן גורל טרייב אין מיר אַ שטורעם,
אַרויסצורייסן יעדער פלעק און וואַקלדיקן קלאַנג.
און שמעלץ ווי גאָלד מיך איבער אין דיין פורעם,
די פּסולת זאָל זיך אָפּטיילן און בלייבן זאָל געזאַנג.

איך האָב ניט געהאַט די דרייסטקייט די גאַנצע צייט אַרויסצוזאָגן בקול רם, וואָס איך האָב געזאָגט ניט לאַנג אויף אַ לעקציע אין אַ קאַנאַדער שטאָט:

— ווען איך פלעג הערן סוצקעווערן לייענען פון דער געטאָ־טעאַטער־בינע, צי ערגעץ צווישן חושכדיקע ווענט א ו י ף אָדער א ו נ ט ע ר דער ערד, צי אין די ערד־שטיבלעך אין די וועלדער — איז מיר אויסגעקומען: אַזוי־אַ האָבן

זיכער צוגעהערט די שטראָף־ און די טרייסט־ווערטער פון די נביאים די יידישע עדהס אין די ביבלישע תקופות.

אָן אומגעוועלנלעכער, פּייערלעכער ציטער האָט אַרומגעכאַפּט די צוהערערס, ווען זיי האָבן דערהערט פון פּאָעט זיינע אייביק־רופנדיקע, טרייסטנדיקע און מאָ־נענדיקע שורות:

ניט פאַרזאָם,
ניט פאַרזאָם,
רייניק דעם שטאָל,
פאַראייניק דעם שטאָם,
אַ וואָנט קעגן שרעק, און אַ וואָנט קעגן טרויער,
און ס׳אייגענע לייב אין דער פעסטונג פאַרמויער!

און ווער קען פאַרגעסן זיין דערציילונג אין אַ ליד, ווי אַזוי שטורמיסטן הייסן אים גראָבן אַ גרוב און אין דער אַרבעט טרעפט אָן זיין רידל אויף אַ צעשניטענעם ווערעמל און מיטאָמאָל דערזעט דער דיכטער ווי צעשניטענע טיילן פון ווערעמל נעמען ל ע ב ן... פאַרענדיקט דער דיכטער צו דעם צוהערער:

אויב אַ ווערעמל גיט זיך ניט אונטער דעם שניט
ביסטו ווינציקער דען פון אַ וואָרעם?

זיין וואָרט האָט פאַרפאַנצערט נאָך שטאַרקער די מוטיקע, פאַרטריבן דעם ייאוש ביי צווייפלער, געבראַכט טרייסט צו אומגליקלעכע, ביטחון פאַר אַלעמען.

כ׳וועל צוגרייטן אמתע טעג אנשטאָט קברים,
כ׳וועל אויסבויען אייגענע שטעט מיט מיין אָרעם.
און דאָרטן וועט קומען די אייביקייט ווינען
און טעג וועלן לייכטן אין גילדענע קרוינען!

דאָס זענען ניט געווען קיין לידער. ניין. דאָס זענען געווען ווי ערשט־געפו־נענע נייע קאַפּיטלען פון אונדזער אַלטן ת נ ך.

פּאָעזיע און — געטאָ.

סוצקעווער האָט אַריינגעטראָגן זוניקע ליכטיקייט אין אונדזער פינצטערן לעבן. זיינע לעקציעס וועגן יידישער ליטעראַטור זענען פאַר די לעבן־געבליבענע קיינמאָל ניט צו פאַרגעסן. ער האָט אונדז אויסגעלערנט צו פאַרשטיין „אומפאַר־שטענדלעכע" פּאָעטן.

ביי די נאַציס מיט סוצקעווערן ביי דער אַרבעט אין ראָזענבערג־שטאַב, ווו מיר האָבן באַדאַרפט צעשטערן די אוצרות פון דער יידישער קולטור אונטער דער אָנפירונג פון די געלערנטע דייטשן:

ער איז געוואָרן דער ר י נ ג ע ל ב ל ו ם פון ווילנער געטאָ. אונטער זיין אָנפירונג האָבן מיר אָנשטאָט אַ שטיקל ברויט און אַ שייטל האָלץ געשמוגלט פון

אויסער־געטאָ אַריין  א י ן  געטאָ וויכטיקע כתב־ידן, ספרים־אוניקומס, בילדער, ספרי־תורהס און — געווער וואָס עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו באַקומען. די הייליקע אַרבעט איז געווען אָן אַן ערך שווערער ווי אין וואַרשעווער געטאָ, ווו פון אויסער־געטאָ האָט מען אַזעלכע קולטור־אוצרות כמעט ווי ניט אַריינגע־בראַכט.

און אַזוי ווי וווינענדיק אין איין צימער אַן אַרבעטנדיק צוזאמען  אין  געטאָ האָבן מיר זיך אין דער קריטישסטער צייט — ערב אומקום — געגעבן אַ תקיעת־כף צו גיין צוזאַמען ביזן סוף... זענען מיר געקומען אין וואַלד.

קען מען דען חדשים אין וואַלד אַריינסדומען אין עטלעכע שורות?

אָבער — כאָטש עטוואָס:

אַט דערמאָנט זיך ווי דער פּאָעט האָט געציטערט, מען זאָל ביי אים ניט אויסגעפינען אונדזער איינציקן רעוואָלווער, דער בעסטער פריינד אונדזערער. אָ, וויפל סכנות מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין פון דעם. באַזונדערס  ע ר.  גוואַל־דיקע ליבשאַפט האָט ער אַריינגעלייגט אין פונאַנדערגלידערן דעם רעוואָלווער־מעכאַניזם, אין פּוצן זיין אינגעווייד. איך האָב קיינמאָל ניט מודה געווען, איצט אָבער קען איך זאָגן: איך בין ניט איינמאָל געווען אין כעס אויף אים, פאַרוואָס ער לאָזט מיך ניט טראָגן אַביסל דעם רעוואָלווער. איינמאָל נאָר האָט געטראָפן, ווען ער האָט מיר געוואָלט איבערגעבן די כלי:

דאָס איז געווען, ווען אַ מעכטיקע אַרמיי פון דייטשן האָט אונדזער וואַלד אַרומגערינגלט כדי אונדז, פּאַרטיזאַנערס, אָפּצווישן. איך, סוצקעווער און זיין פריידעלע זענען געבליבן שטעקן אין זומפּן נאָענט פון שונא. ס׳איז געווען קלאָר, אַז דאָס זענען אונדזערע לעצטע מינוטן. סוצקעווער האָט מיטאַמאָל אויסגעצויגן דעם רעוואָלווער צו מיר און אויסגעפליסטערט:

— נעם, שמערקע!

איך האָב זיך פאַרוואונדערט.

— נו, נעם — האָט ער ניט נאָכגעלאָזן — געדענק אָבער, זאָלסט ניט פאַרפּושערן. צוערשט שיסטו מיך, דערנאָך פריידקען.

— און ווער — מיך? — — —

— נאָר ניט די דייטשן... — איז געקומען זיין ענטפער.

מיט סוצקעווערן אין דער סאָוועטישער ווילנע און מאָסקווע:

באַרימט. אָנערקענט. באַליבט.

אויך דאָרט אָבער טוט ער ווידער, וואָס עס איז ניט דערלויבט: ראַטעוועט יידישע קולטור־אוצרות.

סכנה?

וואָס איז אָבער ווערט אַן איינציק לעבן אין צוריקבליק פון מיליאָנען אומ־געקומענע, כאָטש אין זיין לעבן ליגט פאַראייביקונג פון מיליאָנען, ווייל זיין נאָ־מען איז — פ אָ ל ק ?

מען גיט אים אָנצוהערענישן, אַז אויב ער זאָל בלייבן אין לאַנד, וועט ער באַקומען איינע פון די סטאַלין־פּרעמיעס. מען זאָגט צו נאָך אַנדערע גליקן...

וועט סוצקעווער אַליין, האָף איך, דערציילן וועגן זיין יענעם פּעריאָד, וואָס דאָס וואָלט געווען איינע פון די העראָאישסטע און דראַמאַטישסטע קאַפּיטלען פון אונדזער געשיכטע.

אין מיין שרייבטיש, אין בוענאָס־איירעס, ליגן אַ פּאָר צענדליק בלעטלעך־נאָטיצן, געשריבענע אין ווילנער געטאָ, וואָס האָבן באַדאַרפט דינען ווי מאַטעריאַל צו אַ סוצקעווער־מאָנאָגראַפיע. ווו נעמט מען אָבער איצט די רואיקייט זיך צו נעמען צו אַזאַ גרויסער אַרבעט?

דעמאָלט ווען איך האָב געמאַכט די נאָטיצן, איז ער נאָך קיין דרייסיקער ניט געווען.

סוצקעווער, חבר מיינער, ווען איך גיב אַ טראַכט, אַז ערשט איצט, נאָך אַזוי־פיל איבערלעבונגען און דערגרייכונגען ווערט דיר קוים 40 יאָר — בענטש איך אויך אַלע מעת־לעתן פון דיינע קומענדיקע יאָרן.

סאַן־פּאַולאָ, יוני 1953.

---

מאַרק שאַגאַל

# א. סוצקעווער דער פּאָעט און מענטש

## א.

שרייבן וועגן א. סוצקעווער איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד, ווייל סוצקעווערס באָמען וועט שיינען צווישן די סימבאָלישע ווילנע־וויטעבסק־העלדן מיט זייערע פאַנטאַסטישע נשמה־באַוועגונגען.

סוצקעווער איז מיר ליב און טייער ווי אַ ברודער. און דערהויפּט איז ער מיר ליב ווי דער יידישער פּאָעט, וועמענס וואָרט־ליניע און וואָרט־פאָרעם עס דערגייען צו די שענסטע יידישע נשמה־שפּיצן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען סוצקעווער האָט זיך געווענדט צו מיר, נאָך ניט קענענדיק מיך פּערזענלעך, איך זאָל אילוסטרירן זיין פּאָעמע „ס י ב י ר" — האָב איך גלייך אָפּגעלייגט מיין אַרבעט אָן אַ זייט און זיך גענומען פאַר זיין רוסיש־סיבירער וועלט. איך האָב עס באַשאָטן מיט פּינטעלעך און שטריכן, מיט שאָטן און ליכט, כדי אַזוי אַרויסצווייזן מיין ליבע צו אים און זיינע קאַמף־חברים, וואָס האָבן אַזוי הויך אויפגעהויבן אונדזער יידישע פאָן און אונדזער כבוד.

## ב.

היינט איז נאָך ניט דער טאָג צו קענען אַרומנעמען די ראָל פון די סוצקע־ווערס פון רעזיסטאַנס און ניט פון סוצקעווער דעם פּאָעט. זיין פּאָעזיע איז ניט גלאַט קיין יידישע פּאָעזיע, ס׳איז אַ מ אָ ד ע ר נ ע יידישע פּאָעזיע אין איר פאָרעם און איר „מאַטיער" גופא. דעריבער טיילט זי זיך אויס, ווי אומווילנדיק פון די באַקאַנטע גרענעצן פון אונדזער יידישער פּאָעזיע.

ס׳איז אַ קינסטלער־פּאָעזיע אויך פאַרן אויג און ניט בלויז אַן אינטעלעקט־פּאָעזיע. און דאָך פאַלט זי ניט אַריין אין קיין פאָרמאַליזם.

## ג.

ניט לאַנג ביי מיר אין וואַנס, האָט סוצקעווער געפּרוווט מיר איבערגעבן עט־לעכע מאָמענטן פון זיין ווילנער געטאָ־לעבן. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס דער־

ציילט אַ יינגל, וואָס הייבט ערשט אָן צו לייגן תפילין, מיט אַ בלייכן געזיכט, פון וועמענס מויל ס׳גייען אַרויס שטיקלעך פייער. ער האָט גערעדט פון זיינע מעשים, באַלויכטן פון דער קאַלטער, צעבראָכענער לבנה און געשוואַרצט מיט שטיקער שאָטנס, וואָס דעקן צו אונדזער אַלטע יידישע נשמה, אָבער קאָנען ניט פאַרדעקן אונדזער בראָך. אויף זיין פנים האָבן זיך געוויזן טראָפּנס שוויס. אָט אַזוי האָט ער זיך געגרייט אַראָפּצושפּרינגען פון דער הויכער געטאָ־וואַנט אַנטקעגן דעם קלויסטער.

און אַזוי זעען אויך אויס זיינע בעסטע לידער, — זיי גייען דורך דעם דער־נערוועג צו ליכט.

ד.

ווי גוט וואָס די יידישע מדינה האָט וויל און יידישלעך אויפגענומען סוצ־קעווערן און מיט דעם אויך אויסגעצויגן אַ האַנט צו דער יידישער ליטעראַטור אוי־סער די גרענעצן פון ישראל.

טראַכטן מיר וועגן אַזעלכע יידן ווי סוצקעווער, — וואָלט איך זיך ווינטשן, אַז מיר אַלע זאָלן געפינען אין זיך, סיי איצט, סיי ווייטער, אונדזער באַהאַלטע־נעם יידישן כוח צום אָפּהיטן און קולטיווירן אונדזער נשמה־ריינקייט, וואָס נאָר זי אַליין קאָן און מוז דערפירן אונדז צו די עכטע מענטשלעכע אידעאַלן. זי אַליין, אָט די ריינקייט, איז געווען און מוז זיין די באַזע פון קונסט, פון סאָציאַלן לעבן און קולטור און נאָר צוליב איר לוינט זיך צו לעבן און צו שאַפן ווייטער.

---

יעקב גלאַטשטיין

# סוצקעווער

די ביקס איז לעבן דיר
אַ האַלב-וואַכע געשלאָפֿן,
ווען דו ביסט אַרויסגעקומען פֿון די וועלדער,
טויט-מיד
און גלייך צוגעפֿאַלן צום ליד.
די זינגענדיקע סטראָפֿן
האָבן דיין אויסגעמוטשעטן גוף
נאָך לופֿטיקער געמאַכט.
מיט דערשראָקענע פֿליגל,
האָט דער יונגער שר פֿון יידיש
איבער דיר געוואַכט.

מיט דעם נישט-פֿאַרשניצטן שטיקל בלייער,
האָסטו קוים געציטערט,
איבער אָפּגעריבן שיימעסדיק פּאַפּיר.
אַ טונקל וואָרט לויכט אויף פֿון אַ ריר
און ווערט באַלד געפֿאָרט.
ס׳פּלאַטערט דער בלייער ווי אַ גלעט,
אין די גלויביקע הענט פֿון פּאָעט.
ער טרייבט פֿון זיך הונגער, ביטערקייט און סם
און צינדט אָן די פֿינצטערע שורות
מיט דעם ליכט פֿון אַ גראַם.

דו מוזט דעם אָרעמען שרייב-וואָפֿן,
דעם בלייער,
שאַנעווען און האַלטן טייער.
הונדערטער סטראָפֿן דאַרפֿן נאָך היינט
אויף דעם צעפֿאַלענעם פּאַפּיר
ווערן איינגעקריצט,

מיט דעם לעצטן שטיקל בלייער
וואָס איז נישט פֿאַרשניצט.

אַ קליינע פֿאַרוואָרלאָזטע קלויז,
אין ליידיקן אָרון קודש צײַנדלט אַ דערשראָקענע מויז,
דורך דער צעבראָכענער שויב סאָזשעט אַ פֿינצטערניש אַרײַן.
דער שר פֿון יידיש האָט נײַע שיימעס אויפֿגעקליבן
און געבענטשט דעם קליינעם בלייער
ער זאָל נישט ווערן אויסגעשריבן.

אין דער אָן־ניסימדיקער, פֿאַרשוועכטער קלויז,
האָט דער שרײַבער אין דער פֿינצטער געזען,
ווי די אַלטע, פֿאַרשיימעטע אותיות האָבן זיך אויסגעריבן,
און אויף קלאָר פּאַפּיר
האָט דאָס שטיקל שרײַבפֿענדל אַ גאַנצע נאַכט געשריבן
און זיך נישט אויסגעשריבן.

דער יונגער שר פֿון יידיש
האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן
צו געבן אַ גלעט
די צעפּאַטלטע האָר פֿון פּאָעט.
ער האָט געלאָזט פֿאַלן
אָן אײנציקע, שטילע טרער.
נישט נס־חנוכה,
נאָר נס־סוצקעווער.

א. לעיעלעס

# דריי סאָנעטן צו א. סוצקעווער

I

זיניק האָט די זון געזונגען פון דיין ערשט געזאַנג,
וואָס האָט אָפּגעזוכט מיך פון דיין ווילנער ליטע.
כ'האָב געקוואָלן: ערשטע טריט, אַזוי געניטע,
וועלן זיך צעפּלייצן אין אַ בלישטשענדיקן גאַנג.
ביסט געגאַנגען. און דיין לידם אינטימסטע סוויטע
זענען ליכט און קלוגע לויטערקייט און איידלקלאַנג.
גלייך אַ נסתר וואָלט אַמאָל, מיט מיסטישן געדאַנק,
איינגעגראָבן טיף, און ווייט פון פּרעמדער שליטה,
אונטער ווילנעס שטייפער אָרעמקייט אַ גאָלדן־האָרן
און געוואָרט אויף דיר די אַלע שווערע יאָרן.
ביסט געקומען אין דער רעכטער צייט און אין די הענט
פריי גענומען דעם פאַר דיר באַשערטן אינסטרומענט.
ס'האָט דאָס גאָלד אַרויסגעהעלט דורך אַ זכרון
וואָס האָט איינגעזאַפּט די וועלט־העלקייט פון ענד ביז ענד.

II

צי איז טאַט די מעסטונג פאַר דעם פורעמער פון וואָרט?
האָסט באַגעגנט גורלס גרויליקסטע באַזוכערס,
און ס'באַשערטקייט דיינס געקריצט מיט טאַט אויף לוחות
פעסטער פיל פון שטיין און אייביקער פון שלעכטס און מאָרד.
ווען די ערד געווען אַ שאול מיט גאָלע רוחות,
ווען דאָס מינדסטע יידנהאַרץ האָט קלאַפּן ניט געטאָרט,
ווען דער טייוול האָט געשפּילט זיין לעטערישסטע קאָרט
אין אַזאָרט פון ברוין־און־שוואַרצע זאַווערוכעס —
ביסטו דאַן געלאָפן צו דיין ווייטסטער מעטע,
פון פאַנאַר, פון קעלערן אין ווילנער געטאָ,

ביז באַהעלטעניש אין טרונעס, בלאָטעס, פעלד און וואַלד,
האָט דיין גאָלדן־האָרן דורך דער פינצטערניש געשאַלט.
האָסט אַ וועלט מיט אונדזער אומקום זאַטע, פעטע,
צום געריכט גערופן און אַליין אין פּיין — געשטראַלט.

III

ווידער איז דיין ליד געקומען זאַט מיט טרויער,
מיט דערקענען ביז פאַררעטערישן סאַמע דנאָ
ס׳רשעות און די שוואַכקייט — אין מיליאָסן־פאַכער שעה.
ווידער האָט מיין נייגעריק און אָפן אויער
יענע שטים דערהערט, וואָס אין דיין גורל איז זי דאָ,
וואָס באַשטימט דיין שליחות אויף דער לענגסטער דויער:
טראָגן מוט צו דעם פאַרוויסטן יידיש־טויער,
און אויף ייאוש זאָגן: ניין! — און אויף בטחון: יאָ!
שטייג געטרייער, יונגער, ליבער יידיש־זינגער,
צינד די ליכטער פון דיין זעל, זאָל ווערן גרינגער
אין דעם חושך וואָס אונדז האָלט פאַרוויקלט און פאַרראַלט.
ווי אַלט־ווילנע, די מתנגדישע, האָט דאָן געוואָלט
ווערן חסידישער און לירישער און ייִנגער —
זוכט איצט ס׳גאַנצע פאָלק דעם האָרן ליכטיקן פון גאָלד.

**אַלטער עסעלין**

# צו א. סוצקעווער

ווער פון אונדז האָט ניט געטרוימט דאָ יאָרן־לאַנג
פון דיין הערדאַישן דערגרייך. מיך וווּנדערט ניט צומאָל
וואָס דו האָסט גיך באַזיגט פּראָווינץ און מעטראָפּאָל,
די פּאַנעגיריק אויך — כאָטש אָן דעם גלאָקן־קלאַנג.

אויך מיך גייסטו בלוטיק אָן, פּאָעט פון העכסטן ראַנג.
אין רגע פון באַרוישונג פון דיין ליד, ווי אונטער אַלקאָהאָל,
האָט אַ ביטערע ניכטערקייט אין מיר געשריגן אויפן קול:
צי ביסטו ניט דער שיינער קורצער פלאַקער פון אַ זונפאַרגאַנג?

עס לעשט זיך ליכט נאָך ליכט. עס שאָטנט אונדזער בנין.
פאַר ווּעמען דער אַלכעמיע־פערז, אַראַבעסקן, פיליגרינען
דיינע, שפּעט געקומענער אבן עזרא, נייער, דרייסטער,
אָ, דו נאָענטסטער, געפין אַ זין, באַגייסטער
דעם ניט־דערהערטן, דעם צאַנקער אין דעם לעצטן מנין
ווי איך, וואָס שטייט פאַר דיר אין ערפאַרכט, מייסטער.

י. פּאַפּיערניקאָוו

# דיין אויפגיין

אברהם סוצקעווערן

איבער זיילן רויך פון שריפות,
איבער וואָלקנס בלוט און טרערן,
איבער געטאָ־חורבות, ביסטו
אויפגעגאַנגען ווי אַ שטערן.

אויפגעגאַנגען גרויס און גליאיק,
אַ געלייטערטער אין פייער,
וואָס פאַרברענט האָט, און פאַרלענדט האָט
אַלץ, וואָס איז געווען אונדז טייער;

אונדז, די ברידער פון מיליאָנען
אויסגעקוילעטע, פאַרגאַזטע,
וואָס זיי האָבן שוין אויף אייביק
אונדז געלאָזט נאָך זיך פאַרהאַסטע

צום לית־דין און צום לית־דיין
פון אַ וועלט אַן אומגערעכטער,
פון אַ וועלט, וואָס האָט געשוויגן —
ווען געשאָכטן האָבן שעכטער,

און דער וואַלד — דיך אויסבאַהאַלטן —
קענגן אומגעקומען ווערן,
און געהאָלפן דיר פון זיינע
אָרעמס אויפגיין ווי אַ שטערן;

ווי אַ שטערן, וואָס האָט קוים זיך
דורכן חשכות דורכגעשלאָגן,
און אַ וואונדער־ליכט, צום טרייסט אונדז —
ווי אויף פליגל צוגעטראָגן.

תל־אביב, 1951.

זלמן שזר

# צו אַ פריינד

סוצקעווערן, דעם מחבר פון „אין פייער־וואָגן" —
אַנשטאָט אַ בריוול

אַ האַרציקן דאַנק
פאַר וואָרט און קלאַנג
און פאַרן לויטערן געדאַנק,
וואָס אין מרכבהדיק געזאַנג
האָט זיך געטראָגן
און דערטראָגן
אין אַ הייליקן פייער־וואָגן.
אַזש פון צער פון פאַנאַר
און ווילדן וועלטפאַזשאַר.
פון טרערנשטאָט
און רערן־סוד.
און איז נימיסדיק אַרוים
נאָך געטרייער
און נאָך פרייער
און ווי אַ נגבֿ־יונג
אַ נייער
זיך צעזונגען
איצט אין „פייער".

ליבער פריינד און ייִד געטרייער,
איר זייט היינט מיר נאָך מער טייער!
פאַר די אַלטע אורגעשטאַלטן
אינעם חומש ליב באַהאַלטן;
פאַר די אייביקע אַמאָלן,
טרייַ דערזען און ניי באַמאָלן
אין די יונגע ירדן־טאָלן;

און פאַר די סודותדיקע פלאַמען
— נאָך ביז היינט דאָ ניט פאַרלאָשן —
און פאַרן שידוכן צוזאַמען
לשון מיט לשון
אין גלייביקע גראַמען.

און ליגט אַ שכינה איצט אין ווייען
זייט איר טייער מיר אין צווייען —
אַלטער וויין און מידבר־ריח.
פון טיפן האַרץ אַ יישר כוח!

ירושלים, ה, שבט תשי"ב

אריה שמרי

# דער וואַלד וועט פאַרגעסן

א. סוצקעווערן

האַרבסט, ווינטער און פרילינג — מיר ווייסן דעם סדר,
אַ מערץ־ווינט וועט דורכגיין די ווייסע בעריאָזעס,
די רעשטן פון דיינע פאַרבלוטיקטע קליידער
צעפליקן, צעוואַרפן, פאַרדעקן מיט גראָזן.

און נאָך דעם וועט קומען אַ טשערעדע ציגן,
פעט גראָז פון פרי־פרילינג מיט תאווה צעקייען.
אַן אַלטע פלייט וועט פרוון קיצלען אַ ניגון,
ווי ס'וואָלט ניט געווען דאָ קיין בלוט און קיין פייער.

און זומער, און האַרבסט — יאָ, מיר ווייסן דעם סדר,
די היץ וועט פאַרפרעגלען, פאַרשווענקען וועט רעגן.
די צויטן פון דיינע פאַרבלוטיקטע קליידער
וועט ווינט צעטראָגן איבער מאָכיקע שטעגן.

און וואלד וועט פאַרגעסן אויך דיין רום, דיין צעבליאונג,
דיין אויפשטייגן באַוואָפנט מיט גלויביקע פאָנען — —
נאָר אַ ליד פון דער ווייט, אין טיף־רויט פון שקיעה,
וועט שרייען צום וואלד, און דיין נאָמען דערמאָנען.

## באַשאַפונג

אָ, דאָרט, וווּ דער טאָג זיינע פאַרבן
צינדט־אָן איבער טאָלן און בערג, —
איך שטיי מיט פאַרקאַשערטע אַרבל
און שאַף מיר מיין זינגעוודיק ווערק.

פון שטראַלבעלעך, קלאַנגען, סיגנאַלן,
פון זעאונגען זוניק געזען, —
עס הייבט מיך פּלוצעם באַפאַלן
דער וווּנדער פון העלן געשען.

אין אָנהייב איז אַלץ אין טומאַנען,
אין אָנהייב איז גאָרנישט ניטאָ,
ביז וואַנען — איך ווייס ניט פון וואַנען —
צעשטראַלט זיך דער הימל אין בלאָ;

און דורך די אַנטפּלעקטע געוועבן
וווּ ס'פורעמט זיך אויס דער באַשאַף,
דערלאַנגט מיר אַ צויבער דאָס לעבן
ווויליונגעריש, ליכטיק און בראַוו.

עס טוען אַ שניט זיינע פליגל —
אַ שאַרפע, אַ גילדענע שער,
ביז יעטווידער שלייער און ריגל
צעפאַלט און פאַרשטעלט שוין ניט מער.

ביז אויך מיין פאַרבענקטע אַליינקייט
צעשפּילט זיך אין פריידיקער מי,
און כ'וואָרצל זיך איין אין דער שיינקייט
אַזוי ווי אַ בוים אין געבלי.

ווי פֿייפֿעלעך טוויאיק־באַגלעטע
צעהענגען זיך רגעם אין שיין.
דאָס האַרץ גיט אַ שפּרונג — אַ ראַקעטע
אין אָפּענעם לעבן אַריין.

און ווייט, דורך דער נאַכטס האָריזאָנטן,
דערזע איך דעם שטערן וואָס העלט...
אין מאָרגנרויט נעמען זיך אָנטאָן
אַ וואַלד.
אַ מדינה.
אַ וועלט.

בריליאַנטענע שטילקייט. עס גאַפֿן
די אויגן אין ווייטקייט געווענדט:
האָב איך דאָס אַליין איצט באַשאַפֿן,
אַליין, מיט די אייגענע הענט?

1935

# א י ד ע

מכאל אַסטורן

ליכטיקע געשטאַלט אין נאַכטס געוויטער,
צו מיין שוועל פון ליבשאַפט קומסטו אָן.
זעסט מיר אוים אַ רייטער אַ געניטער
אין אַ רינגעלן־פּאַנצער מיט אַ פּאָן.
און דו רעדסט: „פון קריגערישע וועגן
כ׳בין געקומען ברענגען דיין פאַרלאַנג.
און איך צוּיבער ווערטער דיר אַנטקעגן,
וואָס אַ מענטש האָט ניט געהערט שוין לאַנג...״

— „ליבער פריינד, אין בלענדיקער זאַווייע
האָסטו שוין ניט איין מאָל מיך באַהיט.
זיך געצונדן ווי די קאַסיאָפּייע
אויפן הימלבלאָ פון מיין געמיט.
אַלע נאַכט איז מיר דיין וועג אַן אַנדער...
ס׳בייט זיך דיין געדאַנק ווי די נאַטור.
אויפגעגאַנגען ביסטו אין מיין וואַנדער
ליכטיק ווי אַ געטלעכע פיגור.
דעמאָלט, ווען איך האָב אַליין צעריסן
ווי אַ העמד מיין נעכטן און מיין היינט —
האָסטו אין דער טרער פון מיין געוויסן
אין אַ וועלט אַ נייער זיך צעשיינט״.

— „יאָ, איך בין די וועלט, איר מאַכט און דעה.
ס׳האָט די אייביקייט מיין בלוט געגליט.
קוק מיך אָן. מיין נאָמען איז א י ד ע,
פאַל און קוש דעם שטויב פון מיינע טריט״.

1936

# אַרום די פייערן

אַרום די פייערן דיינע, נאַכט,
שמידן מיר אונדזער ווילן.

העל איז די נאַכט
און דער טאַנץ איז העל.
און לויטער די רגע —
אַ ליכטיקע וועל
פון אַ ווייסער לאַווינע.
סטעפּ. שטום.
עס עפנט זיך ברייטער
דער רונדער אַרום.

— ווער זענט איר,
אָ, גייער פון נאַכט,
ביי דעם אויפבלי
פון גילדענע פייערן?

— מיר זענען אַ האָרדע פּאָעטן
פון אַלערליי שבטים און לענדער.
מיר טראָגן דעם רייך פון פלאַנעטן,
דעם פיבער פון ערד און לעגענדע.

און ס'האָט אונדז צוזאַמען
פאַרברידערט,
פאַרלידערט,
די ליבע,
דאָס לעבן, —
דער פלאַם פון די פלאַמען.

— זענט איר וויזיע צי וואָר?

— מיר זענען דאָס רויטע געשפּענסט פון אַ דור.
עס צייטיקט אַ בענקשאַפט, זי ברענט און באַגערט,
ווי אַ גייזער פון אונטער דער בראָנדזענער ערד.
און כוואַליעדיק־העל ווי פון פייער דער פלאַם
גייט אויף אין דער נאַכט אונדזער מעכטיקער שטאַם...

— דער פאַרלאַנג. —

— ברויט און געזאַנג.
ברויט ווי געזאַנג.
פלאַטער פון זאַנג.
געזאַנג פון געדאַנק.
געדאַנק פון געזאַנג.

מיר טאַנצן דעם טאַנץ פון גערעכטע.
די וועלט איז אין אונדזער רשות.
אַלע ווערטער אין שינאה פאַרשוועכטע
וואַכן אויף אונטער ריטעם פון פּוס.
אַלע ווערטער אין צייט באַהאַלטן
ווי פייגל אין רעגן־געוויין,
ווערן לעבעדיקע געשטאַלטן
געשמידט פון בלוט און ביין.

1935.

# הימען צו פעלדזן

איך קלעטער צו אייערע הייכן, אָ, מירמלנע פעלדזן,
פון סאַמע שוואַרץ־ערדישער טיפעניש קום איך צו אייך.
מיך שרעקט ניט דאָס רוויקע מויל פונעם אָפּגרונט,
מיך שרעקט ניט דער בלאָער געצונדענער הימל,
וואָס הויערט אין אייערע אויגן,
און אויך ניט דער אָדלער, וואָס קרייזט איבער אייערע קעפּ,
ווייל כ׳ווייס, אַז מיין גורל, אַ זוניקער פּאַנצער,
גייט מיר פאָרויס איבער פעלדזיקע וויטן.

איך קלעטער צו אייערע הייכן, אָ, מירמלנע פעלדזן,
און וואָלט איך געווען אַ בלינדער, מיט נאַכט אין די אויגן, —
שווער איך אייך, ברידער, איך וואָלט מיינע טריט ניט פאַראַנקערט,
ווייל כ׳טראָג מיט זיך שטענדיק די גלייכוואָג פון פרייהייט און ליבע,
און איינס וועגט ניט איבער דאָס צווייטע ביי תהומיקע ראַנדן.

כ׳האָב ליב אייער גבורה, וואָס בליקט אין די הילכיקע ספערן;
כ׳האָב ליב אייער לופט, וואָס איז פּראָסטיק און שטאַרק
און טראָגט אין זיך אייער נשמה.
שרעק האָב איך ליב —
שרעק פון מיין קלעטער אויף אייך;
שרעק פון דערזען זיך אַליין אויג אויף אויג
מיט דער שאַרפקייט פון אייערע קאַנטן;
שרעק פון געראַנגל,
פון איינשטעל
און שטאָלצן דערגרייך, —
ווייל העלדיש האָט איר ווידערשפּעניקט דער ערדישער גראָקייט,
ווייל מאַכטיק האָט איר דאָרט באַהערשט דעם באַהערשער — דעם טויט,
ווייל ס׳ליד פון דער אייביקייט גייסטערט אויף אייערע שפּיצן.

נאָך איידער איך האָב אייך באַרירט מיט די ליפּן,
נאָך איידער איך האָב אייער אָטעם געשלונגען,

שווין האָב איך געחלומט פון אייך. און בשעת אַרום מיר
האָט קליינלעכקייט, קליינקייט
און מענטשישע רשעות געשטויביקט,
זענט איר מיר ליכטיק אין פינצטערן אויג אויסגעוואַקסן
און העכערדיקס עפּעס אַנטפּלעקט אין דעם וויסטן געפּלאָנטער.
אַצינד זענט איר פעלדזיקער אמת און שטאָלצער סימבאָל, —
איך האָרך, ווי עס קלאַפּט אייער האַרץ אונטער מירמלנע הויטן.

וואָס איז מיין ציל דאָ? — איך שעם זיך צו זאָגן, גיגאַנטן:
דער זעלביקער ציל, וואָס אַמאָל האָט געצייטיקט אין אייך,
נאָך איידער איר האָט זיך געריסן פון ערדישע נידערס
און האָט מיט די קעפּ דורכגעעקבערט די וואָלקנס.

שניידט מיך ניט, מירמלנע געטער, מיט אייערע בליקן.
ברענט מיך ניט, ליכטיקע מאָנסטערס, פאַר מיינע פאַרלאַנגען.
שפּעט ניט פון מיר פאַר מיין שטיינערנער תפילה צו אייך.
איך וויל בלויז ווי איר מיט די הענט
דורך די וואָלקנס אַ פּאַטש טאָן
און צוואָגן מיין ערדישן קאָפּ אין דעם קאָסמישן פייער.

1938

# עס קלאַפּן די שלייפן

עס קלאַפּן די שלייפן —
גאַלאָפּ, גאַלאָפּ:
צוויי רייטער, צוויי רייטער,
באַהאָרנט,
באַשפּאָרנט,
זיי יאָגן זיך, יאָגן
דורך שאַרבן און קאָפּ.

איין רייטער איז ווייס און דער אַנדערער — שוואַרץ,
און ביידע אין רינגען פון גבורה באַפּאַנצערט.

דער ווייסער איז פריידיק, דער שוואַרצער — פאַרצאָרנט,
דער שוואַרצער — אַהינטער, דער ווייסער — פון פאָרנט.

שוואַרצווייס און ווייסשוואַרץ איבערביימער און כוואַליעס;
ווייסשוואַרץ און שוואַרצווייס ווי די פאַרבן פון טלית.

דער ווייסער — ער יאָגט מיט אַ זוניקער פּאָנע,
דער שוואַרצער — סכנה, סכנה, סכנה.

קליפּקלאַפּ און קליפּקלאַפּ
נאָכן גורלס באַפעל,
צוויי רייטער, וואָס רייטן
צו איינציקער שוועל.

און קומען צו איינציקער שוועל קען בלויז איינער.
(דער ווייסער, דער ווייסער?
דער שוואַרצער, דער שוואַרצער?
עס בלענדן די אויגן, עס קנאַקן די ביינער).

ווי ווינטיקע רייפֿן
פֿון שטורעם געקייקלט —
עס יאָגן די רייטער
דורך קלאַפּיקע שלייפֿן
אַלץ ווייטער און ווייטער.

און ווער עס וועט קומען דער ערשטער,
און ווער עס וועט זיין דער באַהערשטער, —
וועט ווערן פֿאַרשריבן
מיט בלוט
איבער גראָזן און קרייטער.

1938

# אין כוטער *)

זונפאַרגאַנג אויף אייזיק בלאָע וועגן.
זיסע דרעמלפאַרבן אין געמיט.
ס'לייכט פון טאָל אַ שטיבעלע אַנטקעגן
מיט אַ שניי פון זונפאַרגאַנג באַשיט.
וווּנדערוועלדער הוידען זיך אויף שויבן,
צויבערשליטנס קלינגען אין אַ קרייז.
אויפן פיצל בוידעם וואָרקען טויבן,
וואָרקען אוים מיין פּנים. אונטער אייז,
דורכגעשטרייפט מיט בליציקע קרישטאָלן
צאַפּלט דער אירטיש אין האַלבער וואָר.
אונטער אויסגעשוויגענע קופּאָלן
בליט אַ וועלט — אַ קינד פון זיבן יאָר.

אינעם ליכטיק־טונקעלן, פאַרשנייטן
כוטער פון מיין קינדהייט אין סיביר,
בליען פון די שאָטן־אַפּלען — קווייטן,
קוועקזילבערנע קווייטן אָן אַ שיעור.
אין די ווינקלען אָפּגעלאָשן מאַטע
בלאָזט אַריין לבֿנה איר געבלענד.
ווייס ווי די לבֿנה איז דער טאַטע,
שטילקייט פונעם שניי — אויף זיינע הענט.
ער צעשניידט דאָס שוואַרצע ברויט מיט בלאַנקן
רחמימדיקן מעסער. ס'פּנים בליט.
און מיט ניי צעשניטענע געדאַנקען
טונק איך אינעם זאַלץ דעם טאַטנס ברויט.

מעסער. טאַטע. רויכיקע לוטשינע.
קינדהייט. קינד. אַ שאָטן נעמט אַראָפּ
ס'פידעלע פון וואַנט. און דין־דין־דינע

---

*) פון דער פּאָעמע „סיביר".

שנייענקלאַנגען פֿאַלן אויף מיין קאָפּ.
שטיל. דאָס שפּילט דעו' טאַטע. און די קלאַנגען —
אויסגראַווירט אין לופֿטן, ווי אין פּראָסט
זילבערלעך פֿון אָטעם בלאָ צעהאַנגען
איבער שניי לבנהדיק באַגלאָזט.
דורך אַן אייזיק אָנגעפּעלצטן שייבל
שמעקט אַ וואָלף צום פֿלייש פֿון דער מוזיק.
שטיל. אין אונדזער טויבנשלאַק אַ טייבל
פּיקט זיך פֿון אַן אייעלע פּיק־פּיק.

1936

# אַ דיכטער ביינאַכט

נאַכט. און עס אָטעמט אַ דיכטער די וועגן און שליאַכן.
רויטינקע פייערלעך שווימען פון באַרגיקן וואַלד.
אָנגעשפּיצט האָרכט ער דעם לשון פון ביימער און זאַכן.
אָטעמט די גייסטער־סימפאָניע, וואָס קומט און באַפאַלט
מיט רעגנבויגיקע קלאַנגען די געגנט. זיין אויער
האָרכט דעם עקסטאַז פונעם קאָרן, וואָס וואַרט אויפן שניט.
די ניט־פאַרגאַנגענע פרייד און פאַרגאַנגענעם טרויער.
וועלט איז ביי אים אויף דער ליפּ. עס באַוואַכט אים און היט
ס'אויג פון דער אייביקייט, העל ווי אַ שטערן אַ בלאָער.
אַל דאָס פאַרשטאָרבענע בליט
אין די גרויליקע וועלדער.

היימען פאַרשוווּנדענע קומען אין חברשאַפט גרייטער:
טונקעלע היילן. אַ שייטער. אַ שטיבל פון סכך.
יעדער זיין היים האָט אַ שטעגל, וואָס פירט צו אַ צווייטער,
און אַ פאַרבאָרגענע האַנט פירט פון שטעגל צום שליאַך,
אין אָנגעצונדענער שפּאַנונג פון ריטמישן שפּאַנען.
ערגעץ פאַרפליען די ווערטער נאָך ליכט און נאָך גליק.
אָט איז ביים ברונעם דאָס מיידל מיט צוויי פולע קאַנען.
ברייטער צעקרייזט זיך אין וואַסער איר פונקיקער בליק.
און איבער איר אין אַ זעגלונג אַ מחנה בוטשאַנען
שאָטנט אַוועק אויף צוריק
אין די אורערשטע וועלדער.

יעדער פאַרלוירענער טראָט, איבער שטויבן פאַרזיגלט,
קניט מיט געזאַנג ביי דעם דיכטערס צעוווּנדיקטע פיס.
אין דער לבנה די צייט ווי אַ ליליע זיך שפּיגלט,
און דער געהיים פון די וועגן אַנטפּלעקט ווו ער איז.
גוט איז צו שפּירן דעם פויגל־געשאָרך אין די נעסטער,
אויך דעם געדאַנק פון אַ יאָדלע! און צו דער נאַטור

אויסשרייען פּראָסט און אַלטמאָדיש: „מיין טייערע שוועסטער,
איך בין ע–, אי־ך, בין טויט אַריין דיין טרובאַדור.״
נאָך דעם אַ מאָל טאָן אויף דר׳ערד אין פאַרליבטקייט אין גרעסטער.
זען דעם אומזעאיקן שנור
צווישן זיך און די וועלדער.

גרויס ווי צוויי נעכט נעמען שפּרייטן זיך זיינע שוואַרצאַפּלען.
נאַכטיקע, בלאָע פּיאָלן דערזעען אים בלויז.
ס׳צייכנט ווער אָן אויף אַ פליין די בריליאַנטענע שטאַפּלען
פון זיין באַוועלטיקטן וואַנדער. זיין גוף ציט זיך אויס
איבער דער וואַלדיקער ערד ווי אַ שטורעם. די שכינה
פלאַטערט אַרום איבער אים ווי אַ שנייאיקע טויב.
לענגער פון שליאַך ווערט זיין חלום. די ווילדע טשופּרינע
וואָרצלט זיך איין אין די גראָז, אין בלעטער, אין שטויב.
ס׳ווערן די הענט זיינע גרין ווי די צווייגן די גרינע.
גיבן זיך פויגליש אַ הייב
צו די בערדיקע וועלדער.

שעפּסענע שטילעניש. ווייסע באַהילעניש. מאָכיק
שאַרן זיך שווייגיקע שאָטנס אין ליבשאַפט און שרעק.
אָבער דער שאָטן פון דיכטער, געזאַנגיק און קנאָכיק,
וואַקסט זיי אַריבער און לייגט זיך ברייטהאַרציק אַוועק
אויף די פאַרגליווערטע ליימיקע בערג ווי אַ טלית.
אַלץ ווערט פאַרוואַנדלט אין קאָסמישן בלוט. און עס קוועלט
האַסטיק אַריין אין זיין לייב מיטן ריטעם פון כוואַליעס.
דורך זיינע אָדערן רוישט די צעשטערנטע וועלט,
ביז עס צעשיטן זיך, פינצטערן אויס די פּמליות.
ליכט פון די וועגן צעהעלט
דורך די נאַכטיקע וועלדער.

1937

# שפּינאָזע

## א.

אַ נאַכט מיט שפּינאָזען, —
דער גייסט פון דער וועלט ליגט געפּאַנגען ביי מיר אויף די הענט.
ווי בלומען און גראָזן
עס בליִען די אותיות אין אייביקער ליבשאַפט דערקענט.

ס'נעמט ריידן מיין קאַמער
אויף לשון פון ליימענע ווענט און ווערט לויטער ווי קוואַרץ.
אַ גייסטיקער קלאַמער
פאַרבינדערט די וויטע לבנה אַצינד מיט מיין האַרץ.

אין וועלטישער זעאונג
פאַרנעם איך מיין טויזנט־געשטאַלטיקייט נאָענט און האָרך.
און אָט — אַ געשעאונג:
איך שפּיר דורך די גלידער פון גראָזן און ביימער דעם שאָרך.

ס'געוויין פון די גרילן
טרערט אוים מיינע ליידן. די מילב וואַרפט אין פייער מיין טויט.
אַצינד נעם איך פילן:
בין איינער פון די, וואָס האָט עפּעס דערטראַכט און דערבויט.

אַ ווייסע בעריאָזע
קלאַפּט אָן אינעם פענצטער, מיר האָבן זיך ווידער פאַרקניפּט.
אַוועק שוין שפּינאָזע.
עס הויכט נאָך זיין וואַרעמער אָטעם אויף מיין מאַנוסקריפּט.

ווילנע, 1937

ב.

לאַנג האָב איך געדריקט די קליאַמקע, צוגעלייגט אַ ליפּ,
גלייך זיין האַנט וואָלט קופּערדיק זיך דאָען.
און — די גרינע טיר האָט זיך געעפנט. אין איר סקריפּ
הער איך די מוזיק פון זיינע שעהן.

קיין מאָל, קיין מאָל, האָב איך ניט געהערט אַזאַ מוזיק.
טיפער שאַר איך זיך אַריין אין חדר.
מיט אַ ליכט אַ וואַקסענער דער מאָלער וואַן דע ספּ״ק
און אַ מאַן אין גוססדיקע קליידער.

— מאַן, דו שטאַרבסט, נאָר ענטפער, האָב איך דיך פאַרשטאַנען גוט,
ווייל דערפאַר איך קען ניט לעבן, שלאָף ניט:
איז דער אומקום אויך אַן אומבאַדינגטער אַטריבוט
פונעם קרייז, וואָס האָט קיין אָנהייב, סוף ניט?

אויפן טיש די אָוונטזון פון אייביקייטס קאָליר
שלייפט אַ גלאָז, וואָס ער האָט ניט דערשליפן.
און אַן ענטפער גיט מיר די מוזיק פון גרינער טיר,
עפנט אַ געדאַנק אין מיינע טיפן.

האַג, 1947

ג.

אין די אַלט־געבלעטערטע פאַרנאַכטן
זע איך זיי אין איינעם האַנט אין האַנט
ביי די קילע וואַסערן, די גראַכטן,
אונדזער האַר שפּינאָזע און רעמבראַנדט.

וואָס רעמבראַנדט אין פאַרביקער התלהבות
האָט דערמאָלן ניט געקענט — דערמאָלט
זיין באַגלייטער מיט אַ פאַרב אַזאַ וואָס
דרינגט פון שכלס קלינגענדיקן גאָלד.

ווי ס'איז גאָט פֿון זיך אַליין די סיבה,
פֿאַר שפּינאָזעס מאַכטיקן אַנטפּלעק —
מיט זיין פּענדזל איינגעטונקט אין ליבע
גיט נאָך צו רעמבראַנדט אַ לעצטן פלעק.

ביידע שאָטנס נעמען איינס טראַכטן.
דעקן צו מיט דורכזעאיקער הויט
אי די שטאָט, קאַפּויער אין די גראַכטן,
אין דעם קלוגן, וואַרטנדיקן טויט.

אמסטערדאַם, 1947

ד.

די „נייע קירך" איז הויקערדיק און אַלט.
עס פלאַצן שוין פון שטומקייט אירע גלעקער.
און איך זוך אים, דעם ליכטיקן אַנטפּלעקער,
צעווישן דערנער אויפן הויף. עס פאַלט
מיט שאַרפן זאַלצוואַסער פון ים אַ רעגן
און וואַשט די אותיות פונעם גראָען שטיין
פאַרעלנט און פאַרזונקען ביז די ברעגן,
ווי ער וואָלט זיך געגעגנטערט צום געביין,
וואָס האָט זיין גייסט פאַרטיילט דער וועלט און וועמעס
געדאַנק האָט ווי דער רעגן וואָס מע זעט
זיין אָנהייב ניט, נאָר ברענגט אַראָפּ די זעט —
אַראָפּגעבראַכט אויף אונדזער שטויב דעם אמת.

די ערד האָט ניט געהאַט פאַר אים קיין אָרט.
זיין ברודער האָט געקאַרגט אים אירע גרעזער,
נאָך וואָלקנט אויף די חורבות דאָ און דאָרט
דער חרם פון דער שול דער פאָרטוגעזער.
דער רעגן האָט שוין דורכגעגליט מיין לייב.
ער שפּילט אויף מיר ווי פינגער אויף קלאַווישן.
איך קלייב די קלאַנגען־טראָפּעלעך און קלייב,
זיי זאָלן מיך באַלייכטן און דערפרישן.

אמסטערדאַם, 1947

# סיריוס

בלאָע געפלעמלעניש
נאָנטווייטע פּראַכטיקייט
איבער דער דרעמלעניש
פון דער שפּעטנאַכטיקייט
דער אויסגעלייטערטער,
גאָלדיק טורקוזיקער!
דו, אויפגעשייטערטער
הימלישער מוזיקער —
זע דאָ מיין צאָרנגלי,
ס'וואָרט מיינס טו אָננעמען,
אין דיין זכרון־גלי
טו מיך פאַרפנימען!

1936

# די טויערן פון געטאָ

א.

עס האָט אַ לאַנגע פֿייערדיקע האַנט
די טויערן פון געטאָ אויפגעריסן.

אַ בלינדער בעטלער שטייט דער טאָג
ביים ראָג
פון אַלטער וואַנט,
מיט ווייַנענדיקע גראָשנס אין די פויסטן.

ער וויל אַצינד אַ שטוים טאָן
און צעוואַקלען אַלע טויערן
ווי שמשון דער געפאַנגענער
די מאַרמאָרנע קאָלאָנעס
און פאַלן דאָ צוזאַמען מיטן געטאָ!

(אָ, טויערן — צעיאָמערטע לבנהס
מיט געדאַנקען־פינגער איצט באַגלעטע!)

ס'איז מעסערדיקע וואָר.
פון גרינע דעכער
פליען אָפּ די שטערן —
קינדער היימלאָזע;
און הערן
ווי עס פיבערט שטומערהייט אַ דור.
אַ דור פון קעמפער, זינגער און פאַרברעכער.

ס'איז מעסערדיקע וואָר.
אין שטיקלעך שויבן
זעט אויס די זון אַ רויטער מוכאָמאָר.

אַן אָסיענבלאַט איז יעדער פּנים,
קייטן — יעדער קלאַנג,
און די אומרו קלעטערט ווי אַ שלאַנג
איבער
שטיבער
טויערן
און —
העכער!

ב.

אַ קאַטאַרינשטשיק ווי אַ פּורים־נאַר
גרימפּלט אויף זיין קראַנקן אינסטרומענט.
און אַ קאַסאָקער, געלער פּאָפּוגיי
היפּט אויף זיינע ביינערדיקע הענט.
דער ייד איז אויך אַ זינגער
און ער קנעלט
אַזאַ געזאַנג וואָס בליצט אַריין אין אויער:
— „זיבן ברידער האָט מען אויסגעקוילעט אין פּאָגראָם,
דער אַכטער איז געפאַלן ביי אַ טויער".
קינדערלעך באַטאַפּן
די פאַרשטויבטע קאַטאַרינקע,
און ער, וואָס דרייט דעם זמר,
און די קינדער — בלאָ און נאַקעט,
צוזאַמען מיטן פּאָפּוגיי
און וואַסער־טרעגער קליינעם,
וואָס טראָגט זיין תּפילה אין געפּלאַצטן עמער,
פאַרקנוילן זיך אין איינעם
אין אַן עיגול,
און איינער פאַרן צווייטן איז אַ שפּיגל.

ג.

נאָר ס'טרעפט, אַז אַ וואָקל דערלאַנגט זיך דאָס געטאָ,
און פענצטערלעך טאַנצן אַרום פּיאָלעטע.

דורך גילדענעם שטויב, ווי אַ טייכל צעקלונגען,
פאַרפּלייצן די געסלעך בלאָ־אויגיקע יונגען.

די אַרבל פֿאַרקאַשערט און פֿעסט די ידים:
— מיר ווילן דאָס פֿאָלק פֿון זיין געטאָ באַפֿרייען!

דער עכאָ באַפֿאַלט ווי אַ דונער די שטיבער,
די אַלטינקע טויערן קוקן זיך איבער.

אַ בליץ און אַ בלענד. און עס הייבן זיך בליקן,
עס ציען זיך קלאַנגען ווי ליכטיקע בריקן...

די געסעלעך טוליען זיך גראָ און פֿאַרטייעט
און זעען דאָס בלוט פֿון דער ליבע און פֿרייהייט.

אַ בליץ און אַ בלענד. ס'זענען יונגען ניטאָ שוין.
עס האָט זיך די גילדענע זעאונג פֿאַרלאָשן...

ד.

אָוונט. דאָס געטאָ נעמט בלאָען.
עס פֿלאַטערן הייסע קאָלירן.
ס'אַנטפּלעקט זיך אין שולהויף דער גאון
פֿון הינטער די קופּערנע טירן.

אַ מיידעלע זיצט אויפֿן גאַנעק
און אָטעמט די אותיות פֿון ביכל.
דאָס טרוימט זי פֿון זעלטענעם תענוג:
אַ ברויט און אַ קלייד און אַ שיכל.

עס ווערן די שאָטנס אַלץ גרעסער.
די זון פֿליט אַוועק ווי אַ פֿאַווע.
אַ יונג ציט אַרויסעט אַ מעסער
אַזוי ווי אַ שטראַל פֿון כאַליאַווע.

איצט וואָלט זיך געפּאַסט די לבנה.
אָהוי, זי איז דאָ אין איר לויער.
נאָר ס'דאַכט: אַ צעשאָסענע פֿאָנע,
וואָס הייבט זיך פֿון הינטער אַ טויער...

יוני, 1936

**
*

בשעת כ׳האָב מיט פאַרמאַכטע אויגן
אַ ליד געשריבן, האָט מיר פּלוצעם
אַ ברי געטאָן די האַנט, און ווען
כ׳האָב אויפגעוואַכט פון שוואַרצן פייער,
האָט פון פּאַפּיר אַרויסגעאָטעמט
אַ נאָמען ווי אַ ליליע: גאָט.
נאָר ס׳האָט מיין פען פון פאָרכט און וווּנדער
פאַרמעקט דאָס וואָרט און אָנגעשריבן
שטאָט אים אַ וואָרט אַ נענטערס: מענטש.

פון דעמאָלט יאָגט מיך נאָך כסדר
אַ שטים ווי אומגעזעענער פויגל
און פּיקט אין מיין נשמהס בליטן:
— אויף וועמען האָסטו מיך פאַרביטן?

1939

# אַ שטים פון האַרץ

אַ שטים פון האַרץ באַפעלט מיר: גלייב
אין שוין פאַרשווּעכטן וואָרט געדעכטשאַפט.
דער ווייטער יורש פון אַ לייב
מוז ווידערשפעניקן זיין קנעכטשאַפט.

ס'איז דאָ אַ גאַנג. עס ליגט זיין ציל
אין ווילדן אורוואַלד פון זכרון.
ס'איז אויך פאַראַן אַזאַ באַציל,
וואָס טראָגט דעם סם פון טויזנט יאָרן.

און זוכסטו פאַר דיין פיין אַ זין —
פאַרוואַנדל זיך אין איר אַנטפּלעקער,
און הער ווי זיידעס וועקן זין
ווי שטורעמהעק אין בראַנדז פון גלעקער.

ס'איז דאָ אַ גאַנג. איז קלעטער, שפּרייז,
קויף־אויס דעם דורותדיקן שטרויכל.
דער טויט איז מוחל יעדער גרייז,
נאָר זיין אַ קנעכט איז ער ניט מוחל.

ווילנע, 22סטן יולי 1941

# איך ליג אין אַן אָרון

איך ליג אין אַן אָרון, —
ווי אין הילצערנע קליידער,
איך ליג.
זאָל זיין, ס'איז אַ שיפל
אויף שטורמישע כוואַליעס,
זאָל זיין, ס'איז אַ וויג.

און דאָ,
ווו עס האָבן זיך גופן
געשיידט מיט דער צייט —
רוף איך דיך, שוועסטער,
און דו הערסט מיין רופן
אין ווייט.

וואָס טוט זיך אין אָרון אַ צאַפּל
אַ לייב אומגעריכט?
דו קומסט.
איך דערקען דיין שוואַרצאַפּל,
דיין אָטעם.
דיין ליכט.

— — — — — — — — — — —

אַזוי איז אַפּנים דער סדר:
היינט דאָ,
מאָרגן דאָרט,
און איצט אין אַן אָרון,
ווי אין הילצערנע קליידער,
זינגט אַלץ נאָך מיין וואָרט.

30סטן אויגוסט, 1941.

## יעדער שעה, יעדער טאָג

יעדער שעה, יעדער טאָג, —
איז מער ניט קיין שעה,
איז מער ניט קיין טאָג,
ס'איז אַ גרייטער מזבח ביי דיר אין געביין,
ווו פאַרשלונגען ווערט אַלץ, וואָס דו פילסט, וואָס זעסט,
און דו זינגסט נאָך דערביי, ווען דו פרעסט
זיך אַליין.

.1943

# אין לעצטן גורל

אין לעצטן גורל גיב מיר פרייד און ווילן,
צו דערזען אַ פּאַלאַץ אין אַ חרובן געביי;
איך זאָל צו יעדער צייט מיין צייט דערפילן
און אָנקלאַפּן מיין גייסט ווי דורך אַ טורמע־וואַנט: ביסט פריי.

אין לעצטן גורל זעטיק מיך מיט גלויבן,
אַז מאָרגן וועלן זיבן זונען אויפגיין אין אַ טרער,
אַז ערגעץ נעמען שפּראָצן שוין אין אויסגעלייזטע שטויבן
גיבורים־קערנער מאַכטיקע מיט ווילן און באַגער.

אין לעצטן גורל טרייב אין מיר אַ שטורעם,
אַרויסצורייסן יעדער פלעק און וואַקלדיקן קלאַנג.
און שמעליץ ווי גאָלד מיך איבער אין דיין פורעם,
די פּסולת זאָל זיך אָפּטיילן און בלייבן זאָל געזאַנג.

און גיב מיר ליבשאַפט צו מיין מידער שינאה,
צום זשאַווערדיקן טרויער — קלאָרן מוט.
אין לעצטן גורל ברענג מיך אין דער בחינה
צו פילן, אַז דאָס ערגסטע לעבן, אויב עס בענקט — איז גוט.

2טער מאַרץ 1943

## גלוסט זיך מיר צו טאָן אַ תּפילה

גלוסט זיך מיר צו טאָן אַ תּפילה — וויים איך ניט צו וועמען,
דער, וואָס האָט אַמאָל געטרייסט מיך, וועט זי ניט פֿאַרנעמען,
וויים איך ניט צו וועמען —
האַלט זי מיך אין קלעמען.

אפשר זאָל איך בעטן ביי אַ שטערן: „פֿריינד מיין ווייטער,
כ'האָב מיין וואָרט פֿאַרלוירן, קום און זיי אים אַ פֿאַרבייטער!"
אויך דער גוטער שטערן
וועט עס ניט דערהערן...

נאָר אַ תּפילה זאָגן מוז איך, עמעץ גאָר אַ נאָנטער
פֿייניקט זיך אין מיין נשמה און די תּפילה מאָנט ער, —
וועל איך אָן אַ זינען
פּלאַפּלען ביז באַגינען.

17טן יאַנואַר 1942

# אַ וואָגן שיך

די רעדער יאָגן, יאָגן,
וואָס ברענגען זיי מיט זיך?
זיי ברענגען מיר אַ וואָגן,
מיט צאַפּלענדיקע שיך.

דער וואָגן ווי אַ חופּה
אין אָוונטיקן גלאַנץ;
די שיך — אַ פולע קופּע
ווי מענטשן אין אַ טאַנץ.

אַ חתונה, אַ יום־טוב?
צי האָט מיך ווער פאַרבלענדט?
די שיך — אַזוינע נאָנטע
אויף ס'ניי איך האָב דערקענט.

עס קלאַפּן די אָפּצאַסן:
וווהין, וווהין, וווהין?
פון אַלטע ווילנער גאַסן
מע טרייבט אונדז קיין בערלין.

איך דאַרף ניט פרעגן וועמעס,
נאָר ס'טוט אין האַרץ אַ ריס:
אָ, זאָגט מיר, שיך, דעם אמת,
ווו זענען זיי, די פיס?

די פיס פון יענע טופל
מיט קנעפּעלעך ווי טוי, —
און דאָ, ווו איז דאָס גופל,
און דאָרט, ווו איז די פרוי?

אין קינדערשיך אין אַלע
וואָס זע איך ניט קיין קינד?
וואָס טוט ניט אָן די כלה
די שיכעלעך אַצינד?

דורך קינדערשיך און שקראַבעס —
כ׳דערקען מיין מאַמעס שיך!
זי פלעגט זיי בלויז אויף שבת
אַרויםציען אויף זיך.

און ס׳קלאַפּן די אָפּצאַסן:
וווהין, וווהין, וווהין?
פון אַלטע ווילנער גאַסן
מע טרייבט אונדז קיין בערלין.

7טן יאַנואַר, 1943

# מ י י ן  מ אַ מ ע

א

עס וואָרקעט אַ פרייטיק־צו־נאַכט אויף אַ בוידעם,
צוקסט ביי דער שיין פון לבנה אין סידור.
עס דאַווגען די שפּיצן ביי דיר פון דער לאַטע
און צוקן ווי טיילן פון מענטשישע גלידער.

עס טריפט מיט לבנה פון דיינע שוואַרצאַפּלען,
די מאַמישע טראָפּנס באַלייכטן מיין גלויבן.
דיין תפילה דערמאָנט מיר אָן וואַרעמע חלה,
דו קאָרמעסט מיט האַרציקער תפילה די טויבן.

אין יעדער דיין קנייטש איז באַהאַלטן מיין לעבן,
איך הער ווי דו הוסט און דו ציטערסט, אַז קיינער
דעם הויך זאָל ניט הערן, ווייל דאָ, אין אַ ווינקל,
פאַרשאָטן מיט ערד ליגן אויך מיינע ביינער.

עס דרעמלט דיין האַנט אויף מיין שטערן: זיי רואיק,
אַ טאָג אָדער צוויי, די ישועה — אַ גיכע.
דיין צווייטע האַנט האַלטסטו ביי מיר אויפן אויער,
איך זאָל ניט דערהערן די שטים פון רציחה.

ב

וועסט מיך ניט נאַרן: איך ווייס, דו ביסט טויט.
כאָטש דו לעבסט אין מיין חלום. וואָס ברענען
אין דיין האַרצן דריי רויזן אין שאַרלאַכן רויט?
פאַרשטעל ניט.
איך ווייס, ווער דאָס זענען.

פאַרשטעל זיי ניט, מאַמע, וואָס נאַרסטו דיין קינד,
ווי קומען דאָ רויזן צעבליטע?
איך זע דאָך דריי פּורפּורנע קוילן אַצינד,
אַן ערשטע, אַ צווייטע, אַ דריטע.

ג

צימבלט איר צימבלען —
דערפרייט אַ געלעכטער, פאַרטויבט אַ געשריי.
דורך פעלדער
איצט יאָגט מען מיין נאַקעטער מאַמען,
איר לייב איז אַ שטראַל אין די שפּיגלען פון שניי — —

און זי, ווי צום אויסלייז,
יאָגט ערגעץ גיך, גיך —
און דורך דער פאַרפרוירענער טרער, ווו די זון גליט
געפאַנגען אויף אייביק, דערזעט זי איצט מיך.

און צווישן איר ווידוי
שיקט זי אַריבער אַ בענטשונג דעם זון.
עס קנאַלן די ביקסן.
זי פאַלט ווי אַ טויב אויפן טראָן פון דער זון.

ד

און ווו בין איך געווען,
בעת אונטער צימבלען
האָט מען דיך געשלעפּט צום עשאַפאָט?
— אין הינטישער בודע פאַרגראָבן ס'געביין,
מיט הינטישער פרייד וואָס פאַרשילט זיך אַליין,
אויף ליפּן אַ פּיאַווקע,
אין אויער — אַ שפּין,
האָב איך געקוקט דורך אַ שפּעלטל, אַהין
ווו אונטער לבנה, וואָס שפּיגלט דער נאַכט, —
שפּילט זיך דער ווינט מיטן פּערלנעם שניי.
און די שנייען־קאַפּעליע,
ס'געהיימע געדריי

אויפֿן פּאָן פֿון לבנה —
פֿון וואַנען די פּראַכט?
ס'האָט יעטווידער פּערעלע שניי זיך געשפּילט
מיט זײַן אייגענעם שאָטן, און מיר האָט דאָס בילד
פֿאַרשאַפֿט אַזאַ תענוג
אַז כ'האָב אַזש געבילט — — —

## ה

לײַכטן מיר דרײַ קוילן אין דער נאַכט,
לויף איך זיי צום אויסלייזן פֿון שאָטן.
קום איך צו אַ געלן טויער מיט אַ שילד באַוואַכט:
„אַכטונג! דאָ איז קרעץ. פֿאַר ניט־יידן — פֿאַרבאָטן!"

בײַם איך דורך די שטיינער מיט די ציין
און פֿאַרן ליכט פֿון אויסגעזעצטע שויבן־ווייסלען זע איך:
די הייזער — אָן נשמות. איך — אַליין,
די גאַסן — אַ פֿאַרלאָשענער מזבח.

האָב איך מורא אָנצוזען דײַן שויב,
אָטעמט מיט דײַן גסיסה יעדער שטאַפּל.
זוך איך מיטן מויל דײַן מינדסטן שטויב,
פֿיל איך דיך אין ווינטישן געצאַפּל.

פֿאַל איך צו אַ שטיינערדיקער שוועל:
— מאַמע, איך בין דאָ צוריק, זאָלסט וויסן!
און די קוילן ווייטיקדיק און העל,
ברענען אין דעם אומרו פֿון געוויסן.

## ו

זוך איך די ליבע פֿיר זוענט
ווו דו האָסט געאָטעמט,

שווינדלען די טרעפּ אונטער מיר
ווי אַ וואַסער־גרוב קאָכיק.

דערטאַפּ איך די קליאַמקע און רייס
די טיר צו דיין לעבן — — —

דאַכט מיר: אַ פייגעלע וויינט
אין שטייג פון די פינגער.

קום איך אין צימער אַריין
ווו ס'טונקלט דיין חלום —

צאַנקט נאָך דאָס לעמפּעלע קוים,
וואָס דו האָסט געצונדן.

שטייט אויפן טיש אַ גלאָז טיי, —
ניט באַוויזן דערזופּן,

צאַפּלען נאָך פינגער אַרום
אויף די זילבערנע ראַנדן.

בעט רחמים דאָס צינגעלע ליכט
אין צוקיקן לעמפּל —

דערגים איך אין לעמפּל מיין בלוט
ס'זאָל ניט אויפהערן לייכטן.

ז

איך געפין אָנשטאָט דיר דיין צעריסענע העמד,
נעם איך צום האַרצן און דריק עס פאַרשעמט.
עס ווערן די לעכער פון העמד מיינע טעג,
און דער זוים פונעם העמד ווערט אין לייב מיר אַ זעג.

צעפליק איך פון לייב מיינע קליידער און קריך
אין דיין אָפּענעם, נאַקעטן העמד ווי אין זיך.
ס'איז מער ניט קיין העמד, נאָר דיין ליכטיקע הויט,
דיין קאַלטער, דיין איבערגעבליבענער טויט.

## ח

רעדסטו צו מיר
אַזוי וואָרהאַפטיק־עכט:
— ניטע מיין קינד,
ס'איז אַ זינד, ס'איז אַ זינד,
און אונדזער צעטיילונג
נעם אָן פאַר גערעכט.

אַז דו ביסט פאַראַן,
בין איך דאָ סיי ווי סיי,
ווי דער יאָדער אין פלוים
פאַרמאָגט שוין דעם בוים,
און די נעסט, און דעם פויגל
און אַלץ, וואָס דערביי.

אָקטאָבער 1942

# מ ש ה

װער איז די פרױ װאָס פלאַטערט מיר אַנטקעגן,
און בײַ איר ברוסט אַן עופּעלע אין דרעמל?
זי פלאַטערט דורך צו דער װיליעס ברעגן
און אויף איר ברוסט דאָס קינד — אַ ציטערנדיק פלעמל.

זי אײַלט צום ברעג, זי שפּרינגט אין דער װיליע,
און גראָבט זיך אײַן אין רױשנדיקע שטראָמען.
דאָס קינדעלע באַזעצט זי אויף אַ קריע
און זי — נעמט זינקען, זינקען אין די תהומען.

װי װײַט איז די װיליע פון דעם נילוס?
אין זעלבן װאַסער ציען זיך מעת־לעתן נאָך מעת־לעתן,
און גרױל פון אײביקײטן האָט דאָך אַ רגילות
באַנײען זיך — דער מענטש זאָל ניט פאַרגעסן.

זי שטרעקט אַרױס צום לעצטן מאָל די פינגער
און שלעפּט די שקיעה מיט אין תהום, די כװאַליעס שװימען
איר אַריבער שטראָמיקער און גרינגער
און אויפן ברעג — איך בלײַב אַלײן אַ סימן.

די קריע טראָגט דעם פרילינג אַ מתנה:
אַ דרעמלקינד אין פרירנדיקע טרערן.
און איך באַגלײט עס ביז צו דער לבנה
און זאָג: אַ נײַער משה זאָלסטו װערן!

15טן אפּריל, 1943.

# אַ האַרדע מוזיק

### א.

ביי אַ וואַרעמען בערגעלע פּערדישע מיסט
וואַרעם איך, וואַרעם די אייזיקע הענט.
איך וואַרעם די הענט און דערביי מיך פאַרדריסט:
צו ווינציק ביז איצטער פאַרנומען, דערקענט,
די גרויסקייט פון קליינקייט.
ס׳קען טרעפן, אַז אויך
פון אַ בערגעלע מיסט אָט דער וואַרעמער הויך, —
זאָל ווערן אַ ליד אין דערהויבענער שיינקייט.

### ב.

מיט אַזעטיקע רגעס
באַגעגנט אין שנייוואַלד,
מוז מען זיך ראַנגלען,
פירן מלחמה,
נאָך מער ווי דער גוסס
מיט זיינע מיקראָבן.
געווינסטו —
וועלן זיי בלייבן דיין אייגנס,
אַנטפּלעקן דעם זינען פון גאָרן געראַנגל,
געבויר פון גורלות
פאַרשלאָסן אין שניי.
נאָר ווּעסטו פאַרשפּילן דעם שאַרפן געפעכט —
וועט דיך דיין אייגענער אָטעם
פאַרפרירן.

ג.

אַליין. פֿאַרפֿרוירענע לויטערע שטילקייט.
אונטער דער שטילקייט —
מיין נאַקעטער גוף.
בלויז צוויי איילן ערד זענען מיינע —
די, וווּ איך ליג מיט אַ צודעק לבנה.

איך שפּיץ מיינע אויערן אָן צו דערהערן
אַ קול פֿון אַ חבֿר,
אַ קול פֿון אַ חבֿר!
נאָר ווי מיין עכאָ דערטראָגט זיך פֿון ווייטן
מוזיק פֿון וועלף
אין אַ בלענדיקער האַלבראָד.

איז דאָס מיר געבליבן דאָס איינציק־געטריייע:
מוזיק פֿון וועלף —
דאָס איינציק־געטרייע
איבער וואַלדיקן שניי ווי פֿאַרפֿרוירענע וואָיען?
זאָל זיין!
עס דערנענטערט זיך שטאָליק און שאַרף
צו מיר, קעגן מיר,
אַ האָרדע מוזיק!

אַהער מיינע וועלף,
מיינע טייערע וועלף!
לאָמיר ווערן חברים און טרעטן צוזאַמען
קעגן פֿיינדלעכן מענטש, קעגן גיהנומשער קעלט.
האָרדע מוזיק, —
פֿאַרנעם די וועלט!

זאַקרעטער וואַלד, דעצעמבער 1941.

# עקזעקוציע

גראָב איך אַ גרוב ווי מען דאַרף, ווי מען הייסט.
זוך איך בעת־מעשה אין דר'ערד אויך אַ טרייסט.

אַ גראָב און אַ שניט און אַ ווערעמל קליין,
עס צאַפּלט פון אונטן — דאָס האַרץ קען צעגיין.

צעשניידט אים מיין רידל און וונדער דערביי:
צעשניטענערהייט ווערן צוויי, ווערן דריי.

און ווייטער אַ שניט, ווערן דריי, ווערן פיר,
און אַלע די לעבנס באַשאַפן דורך מיר?

קומט ווידער די זון אין מיין טונקל געמיט
און אַ גלויבן נעמט שטאַרקן מיין אָרעם:

אויב אַ ווערעמל גיט זיך ניט אונטער דעם שניט,
ביסטו ווינציקער דען פון אַ וואָרעם?

1942

# די לערערין מירע

מיט לאַטעס אויף לייבער, צעשניטן אין פּאַסן,
מע טרייבט אונדז אין געטאָ, עס גייען די גאַסן.
די הייזער באַגלייטן אויף אייביק געזעגנט
און שטיינערדיק ווערט יעדער גזירה באַגעגנט.

אין תּפֿילין ווי קרוינען מאַרשירן די זקנים,
אַ קעלבעלע גייט מיט אַ דאָרפֿסייד אינאיינעם.
אַ פּרוי שלעפּט אַ גוסס פֿאַרקלעמט אין די נעגל,
אַ צווייטער — אַ בינטעלע האָליך אויף אַ וועגל.

און צווישן זיי אַלע — די לערערין מירע.
אַ קינד אויף איר אָרעם — אַ גילדענע לירע.
אַ קינד אויף איר אָרעם, ביים הענטל אַ צווייטן,
אַרום די תּלמידים, באַגלייטן, באַגלייטן.

און קומט מען צו יידישער גאַס — איז אַ טויער,
נאָך וואַרעם דאָס האָליך ווי אַ קערפּער אַ רויער.
און גלייך ווי אַ שליוז פֿאַר געטריבענע שטראָמען,
ער טוט זיך אַן עפֿן, פֿאַרשלינגט אין די תּהומען.

מע יאָגט איבער חורבות אַן ברויט און אָן פֿייער,
דאָס ברויט איז אַ בוך, און דאָס ליכט איז אַ בלייער.
פֿאַרזאַמלט די קינדער אין חרובער דירה,
עס לערנט זיי ווייטער די לערערין מירע.

זי לייענט זיי שלום־עליכמס אַ מעשה,
עס פֿינקלען די קינדער און לאַכן בעת־מעשה.
זי פֿלעכט זיי מיט בלאָאינקע סטענגעס די צעפּלעך
און ציילט איר פֿאַרמעג: הונדערט דרייסיק די קעפּלעך.

צוגלייך מיט דער זון איז די לערערין מירע
שוין וואַך און זי וואַרט אויף די קינדערלעך אירע.
זיי קומען. זי ציילט. אָ, ניט ציילן זיי בעסער!
דורך נאַכט האָט דאָ צוואַנציק פאַרשניטן אַ מעסער.

איר הויט ווערט אַ שויב אין פאַרנאַכטיקע פלעקן, —
עס טאָר זיי ניט מירע די קינדער אַנטפלעקן.
פאַרבייסט זי אַ ליפּ און מיט גבורה באַנייטער
דערציילט זי פון לעקערטן, מונטערט זיי ווייטער.

דורך נאַכט האָט אַ גראָקייט באַצויגן די הייפן,
און גראָ ווערט דער לערערינס האָר אויף די שלייפן:
זי זוכט אינעם קעלער איר מאַמען דער בלינדער —
צוזאַמען מיט איר פעלן זיבעצן קינדער.

ווען זון האָט די בלוטן געטריקנט, האָט מירע
באַהאַנגען מיט גרינס די פאַריתומטע דירה;
— געקומען דער לערער גערשטיין, מע וועט זינגען
דער כאָר זאָל אַריבער די טויערן קלינגען.

שוין קלינגט עס: „ניט ווייט איז דער פרילינג". נאָר אונטן
די העק און באַגנעטן צעטרייסלען די גרונטן.
מע שלעפּט פאַר די האָר פון די קעלערן, לעכער.
„ניט ווייט איז דער פרילינג" פאַרקלינגט אָבער העכער.

שוין זעכציק פאַרבליבן אָן שוועסטער, אָן מאַמען,
די לערערין מירע איז אַלע צוזאַמען.
ס'איז נאָענט אַ יום־טוב, איז טייבעלעך קינדער
אַ פאָרשטעלונג דאַרף מען באַווייזן, געשווינדער!

צום יום־טוב — ניטאָ מער ווי פערציק. נאָר איטלעך
מיט ווייסינקן העמדל, מיט ליכטיקע טריטלעך.
די בינע איז פריש, מיט אַ זון, מיט אַ גאָרטן,
מע קען אַזש אין טייכל זיך אויסבאָדן דאָרטן.

ביים לייענען פרצעס דריטע מתנה
האָט אונטערגעזעגט דאָס געביי די סכנה.
זיי האָבן געכאַפּט! און פאַרטאָג איז געבליבן
פון הונדערט מיט דרייסיק בלויז מירע און זיבן.

אַזוי ביז די האַק האָט צעשפּאָלטן דעם זינען,
איז מירע אַ בלום און די קינדערלעך — בינען.
שוין גראָ איז די בלום און פאַרוועלקט אירע גלידער
נאָר מאָרגן אין טוי וועט זי אויפבליען ווידער.

10טער מאַי, 1943

# דער זקן

עס ליגט אין קלויז אין חרובער אַן איינגעקנוילטער זקן,
ער ליגט אויף אַ צעפּליקטער ספר־תורה און ער פּאַסט.
דאָס טאָגליכט הענגט אין פּאָליש, ווי אַ האַנטעך אויף אַ האָקן
און ס׳וואַרט דער ייד, עס זאָל שוין קומען דער געהאָפּטער גאַסט.

צופוסנס ליגט אַ טלית, און צוקאָפּנס אַ מנורה,
עס בליצט דער זונפאַרגאַנג אין איר צעשפּיגלטן קרישטאָל.
דער ייד האָט מיט זיין אָדערדיקער האַנט געקריצט די תורה
און מיט זיין אייגן בלוט פאַרענדיקט שרייבן זי דאָס מאָל.

דער פּאַרמעט איז מיר היימיש־ווייט, נאָר מיר איז נאָנט דער זיידע,
איך ברענג אים ברויט און זוך אַרום אין טונקלקייט זיין קול.
און כאָטש ער איז אַליין, מיר דוכט, — ס׳איז דאָ אַ גאַנצע עדה,
זי שפּיגלט זיך געהיים אין דעם פאַרטונקלטן קרישטאָל.

פאַרחתמעט איז דעם זקנס וואָרט, פאַרחתמעט איז זיין נאָמען —
און ווען איך קום אויף מאָרגן, ליגט ניט אָנגערירט דאָס ברויט.
אין פּאַרמעט איינגעזייגט די ליפּן ווי צעברענטע שוואָמען,
און ביים דערהערן טריט, איז לעבט ער אויף, ער מיינט: דער טויט.

און קיין מאָל קוקט ער מיך ניט אָן. ער וויל ניט קענען קיינעם.
ער הונגערט. און זיין לייב טריפט אויס ווי חלב פון אַ ליכט.
די תורה וויקלט אים אַליך מער דעם הונגער־גוף דעם ריינעם,
און דער, אויף וועמען ס׳וואַרט דער זקן — קריכט און קריכט.

און ווידער ברענג איך אים אַ טרונק, אַ סקאָרינקע, און ווידער —
עס בלייבט ווי נעכטן ניט באַרירט פון זקנס דאַרע הענט.
און ס׳גוסן ביי אים אַרויס די דורות פון די גלידער
און מאָלן אין לבנה־שיין צוואהס אויף די ווענט.

ביז איין מאָל כ'האָב דעם פּאַרמעט פֿון זיין קאָפּ אַראָפּגעריסן:
— פֿאַרשעמט ניט ברויט מיט וואַסער, נעמט אין מויל!
און ס'האָט דער ייד געענטפֿערט: פֿון אַזאַ מין וועלט געניסן?
אָ, זאָל זי מיט איר גאָב צוזאַמען ווערן אַש און קויל.

אויף מאָרגן האָט זיך ווידער אין קרישטאָל פֿון דער מנורה
מיט זיינע קנייטשן־פֿייערן דער זונפֿאַרגאַנג פֿאַרטיפֿט.
און אַרום־זיך־אַליין האָט זיך געוויקלט שוין די תורה, —
דער זקן איז פֿאַרגאַנגען אין דער פּאַרמעטענער שריפֿט.

1943

# פאַרפרוירענע יידן

האָסטו געזען איבער פעלדער מיט שניי
פאַרפרוירענע יידן אַ ריי נאָך אַ ריי?

זיי ליגן אָן אָטעם, פאַרמירמלט און בלאָ,
נאָר טויט איז אין זייערע קערפּערס ניטאָ.

ווייל ס'פינקלט נאָך ערגעץ פאַרפרוירן דער גייסט
ווי אַ גילדענער פיש אין אַ כוואַליע פאַראייזט.

זיי ריידן ניט. שווייגן ניט. יעטווידער טראַכט.
און די זון ליגט פאַרפרוירן אין שניי אויך ביינאַכט.

עס גליט אויף אַ ראָזלעכער ליפּ אין געפריר
אַ שמייכל און קען זיך ניט געבן קיין ריר.

אַ טראָט לעם דער מאַמען ליגט הונגעריק ס'קינד
און זע נאָר: זי קען עס ניט זייגן אַצינד.

און ס'גליווערט אַ פויסט ביי אַ נאַקעטן גרייז
און קען ניט זיין כּוח באַפרייען פון אייז.

כ'האָב אַלערליי טויטן פאַרזוכט ביז אַהער,
עס קען מיך שוין קיינער ניט וווּנדערן מער.

נאָר איצט, אין דער יוליקער היץ אויף אַ גאַס
באַפאַלט מיך אַ פראָסט ווי ס'באַפאַלט משוגעת:

— עס גייט מיר אַנטקעגן דאָס בלאָע געביין,
פאַרפרוירענע יידן אויף שנייאיקן פליין.

מײַן הויט װערט באַצויגן מיט מירמלנער שיכט,
און אָפּשטעלן נעמט זיך דאָס װאָרט און דאָס ליכט.

און אױך מײַן באַװעגונג פֿאַרפֿרירט װי בײַם גרײַז,
װאָס קען ניט זײַן כּוח באַפֿרײַען פֿון אײַז.

10טן יולי, 1944.

# ערב מײַן פֿאַרברענונג

ניט פֿון מערבֿ קומט צו מיר דער זונפֿאַרגאַנג צו קוואַלן
אַלע אָוונט, — נאָר פֿון אײגן האַרץ, וואָס קײנער זעט ניט.
אַלע זונען, ביז־אים אָפּגעוועלטיקטע, זײ פֿלײצן
פֿונעם האַרצקוואַל, שלינגען און פֿאַרשלינגען גאַסן, מענטשן,
און איך בלײַב אַלײן אין וועלט־סוד, ווי אין אַ פֿאַרפֿלײצונג
ס'בלײַבט אַ בוים שטאָק עלנט מיט משוגע־גרינע אויגן,
וואָס דערקענען ניט די צײַט, די אַלט־באַקאַנטע לאַנדשאַפֿט.
וועגן־שטעגן, זאַנגענפֿעלד אַנטקעגן — ניט בנמצא.
בלויז אין דער קאַפּױערקײט פֿון אָפּשפּיגל אַנטפּלעקט זיך
אײגן פּנים...
גאָרנישט זע איך, אָוונטצײַט אין אָפּגלאַנץ
פֿון צעקוואַלטן זונפֿאַרגאַנג מײַן אײגענעם, באַשערטן.
גאָרנישט זע איך. בלויז אין דער קאַפּױערקײט, פּאַוואָליע,
רונצלט קדמונדיק מײַן פּנים, עלעהיי אין אורטרוים
וואָלט איך אים געזען שוין ווי אַ מאַסקע פֿון מײַן שפּעטער:

אָט — אַ בלאָער האַרבסט. געשפּונען פֿון די זעלבע שטאָפֿן,
וואָס פֿון זײ, מסתּמא, שפּינט און העקלט די באַשאַפֿונג
בלאָ געבליך פֿון קינדעראויגן, — פֿול מיט צער און צאַרטקײט.
און די פֿײגל פֿאַטשן הײַנט פֿאַמעלעך מיט די פֿליגל,
אַז מע זעט ווי יעדער פֿויגל פֿאַטשט מיט צוויי פּאָר פֿליגל.
פּוסט די גאַס. ווי זאַנגען וואָלטן וואַקסן פֿון די שטײנער
און אַ קאָסע וואָלט זײ נאָר־וואָס אָפּגעשניטן אַלע.
גלעקער קלינגען, און זײ לאָזן אין דער לופֿטן פֿאַסטקעס
פֿאַר די שווימענדיקע פֿײגל מיט די צוויי פּאָר פֿליגל.
און — מע פֿירט אונדז בײדן צו פֿאַרברענונג, — אים, דעם זקן
מיט דער תּורה אויף די הענט, ווי אָקערשט פֿון באַרג סיני,
מיך, — אַלײן אַ פֿײַער אין אַ מענטשגעשטאַלט פֿאַרוואַנדלט,
צו פֿאַרוואַנדלען אויף דאָס נײַ מײַן מענטשגעשטאַלט אין פֿײַער.
גלעקער קלינגען. אויפֿן שפּיץ פֿון קלויסטער זיצט אַ טײַוול
און ער ציט די לײַצעס בײַ די פּערדישע צוויי גלעקער.

גלעקער קלינגען, קלינגען און זיי קלינגען אויס אַ שייטער
לעבן אַלטער קלויז. מע צווינגט אונדז אויסצוטאָן זיך נאַקעט.
נאַקעט. נאַקעט. נאַקעט. און אַנטקעגן אויף די ווילדע
עקלדיקע עפּלביימער זיצן מיינע „שכנים״,
בייסן עפּל, יאָגן אָפּ די פליענדיקע פונקען.

— „זיידע, שעפּטשען מיינע ליפּן, דאָס איז די באַלוינונג
פאַר מיין ניט דערלעבטן לעבן? האָט עס אַלץ אַ זינען?
זיידע, ענטפער!״... נאָר דער זקן מיט זיין לייבן־גריוווע
בלאָזט אַוועק די ספקות. — „וואָלסטו וועלן זיין ווי י ע נ ע
אויפן עפּלבוים אַנטקעגן, אָדער ווי די שלעגער?
זיין אַ ייד באַטייט: זיין שטענדיק גרייט אויף אַ נסיון,
אויף נסיון און אויף נס״. די ווייסע באָרד באַפּאַנצערט
דאָס געשאַנק פון סיני. און די פיס דעם זקנס גייען,
טרעטן אויף די הייסע קוילן, ווי אַ גאַנג אויף גראָזן.
זומערפעדעם ווערן די באַגנעטן. און די היטער
שמעלצן זיך ווי וואַקס. די פלאַמען טאַנצן אָפּ ווי באַלעמס
פונעם זקנס בלענדנדיקן גוף. עס טוט ניט וויי אים
ס׳בלינדע פלייש. געצונדן איז די ווייסע באָרד ,ניטאָ מער, —
ווי לבנה פון אַ וואָלקן זי באַווייזט זיך ווידער.
מיט אַ פונק צוזאַמען יאָגט פון פאַרמעט דער א נ כ י , —
אָבער אינעם זקנס לייב און לעבן איז צו זען אים.
ווייל איך פאַנגען מ י י ן אנכי , אַז ער זאָל באַצווינגען
אַלע פיינען, — פאַל איך אונטער אים אין סאַמע פלאַקער,
ווייל באַשאַפן איז מיין וואָרט אין אומבייט פון די ה יי נ ט ן,
און אַ נאַריש פלעמל האָט אים אויסגעברענט פון צונג מיר.
נעם איך מיט די ליפּן די צעביסענע פון ווייטיק
איבערזאָגן טראַף נאָך טראַף די פסוקים פונעם זקן,
פסוקים אַלט געבווירענע אין אייביקע אַ מ אָ ל ן,
און מיין לייב ווערט אָנגעטאָן אין זינגענדיקן פאַנצער.
וואָס פאַר אַ באַטייט שוין האָבן איצט די האָלאָוועשקעס?
מיינע הענט, געצונדענע, זיי ציען זיך צום זקן:
— „זיי געבענטשט פאַר דיינע פסוקים!״ נאָר ניט מעגלעך דאָ־אָ
אָנצוטאַפּן אים שוין. צו די שטערנדלעך די פרישע
שוועבט ער אין אַ פייער־וואָגן, שוועבט ווי אליהו,
און איך הייב זיין שאָטן־מאַנטל ווי אַמאָל אלישע.

.1949

# אַ חלום

אַ גאַנצע נאַכט געװײנט, געביסן זיך די ליפּ,
און ניט קײן לופט — די ריחות פון פאַרגאַנגענהײט געשלונגען.
די נאַכט — אַ מידבר שלענג, מײן לײב — אַ רױטע זיפּ,
צװײ פײגל אױף אַ ים אין שטורעם — די פאַרװונדטע לונגען.

און ס׳האָט אין מיר גערעדט אַן אומבאַקאַנט גערײד,
געמישט מיט קילן גראָז, מיט פרילינגטױ און שטערן:
— „אָ, װײ מיר, איך צערין צוזאַמען מיט מײן פרײד,
צי װעט פאַרבלײבן כאָטש אַ טײלכל פון מײן קערן?

מיליאָנען יאָר געבענקט, געדרעמלט אױפן גרונט
פון װעלטישן זכרון װי אַ פּערל אונטער װאַסער.
װו איז די האַנט, װאָס האָט געצױגן מיך פון גרונט,
צי װאַרפט זי מיך צוריק אונטערן זעלבן װאַסער?

װו איז מײן ערשטער טאָג און װאָס באַטײט מײן סוף
אַצינד, װען איך פאַרשװינד, זיך אױסצוטאָן פון פּנים?
אַנטפּלעק פאַר מיר דעם סוד אין כישופדיקן שלאָף,
צי װעט דען פון מײן  א י ך  ניט בלײבן קײן סימנים?"

טױט מיטאַמאָל אַ שלאָג אַ װירבלענדיקע האַנט,
פאַרװיקלט מיך אין װינט, אין בליציקע געװעבן,
און טראָגט אַװעק מײן גוף אין קבֿרדיקן לאַנד,
װו ס׳הערשט די טױטקײט בלױז פאַרזיגלט מיטן לעבן.

דערזע איך רונד אַרום אַ פעלד מיט רױטן מאָן,
און צװישן מאָן — סקעלעטן אָנגעטאָן אין טױען.
און יעדער איז באַקאַנט, כאָטש נעם און רוף אים אָן
און דאָס פאַרקרימטע מױל טו קושן און פאַרטרױען.

און ס׳קומט אַ שטים: — „ניט מיין, אַז טויט איז טאַקע טויט,
פֿאַראַן אַ טייל, וואָס בענקט ווי אומגעשטילטע ליבע.
דערלאַנג איך אים אַ פֿליק ביי דיר אונטערן הויט
און לאָז אים גיין פֿאָרויס, באַפֿרייט פֿון מוז און סיבה".

דערפֿיל איך ווי די האַנט שוין לעבט אין מיר און רייסט
פֿון איינגעוווייד אַרויס אַ פֿינקלענדיקן עיקר.
און ס׳פֿלאַטערט מיר פֿאַרביי אין אייך־געשטאַלט מיין גייסט
און גלייכצייטיק צעפֿאַלט מיין ערדן־גוף אין שטיקער.

און צווישן רויטן מאָך מיט שטענגעלעך פֿון ווינט, —
עס וואַלגערט זיך מיין גוף און זינגט מיט די־אָ סטראָפֿן
אַן אָפּשיידליד צום גייסט, וואָס שטראַלט אַרויס, אַנטרינט,
און טראָגט אַ נייע בענטשונג און אַ נייעם האָפֿן.

9טן מאַי, 1943.

# און אַזוי זאָלסטו ריידן צום יתום

...און אַזוי זאָלסטו ריידן צום יתום,
ווען יענער וועט הייבן פאַרחלשטע פויסטן
און פרעגן: ווער בין איך?

— דיין טאַטע האָט גלייביק פאַרהויבן זיין קאָפּ.
איבער אים איז אַריבער אַ פינצטער געפלייץ
פון קאַכיקן אַש
און צעשמאָלצענעם שוועבל.
און מיטגעשלעפּט אים,
זיין ווייב,
זיינע קינדער,
שול און בית־עולם.
און מיטגעשלעפּט אויך די פאַרגאַנגענע דורות,
און די, וואָס באַהאַלטן
אין טראַכט פון דער צוקונפט.
ווייל דער, וואָס קומט אום,
דערהרגעט די דורות
וואָס יוירן אין אים
און וואַרטן אויף אויסלייז, —
נאָר דו ביסט געבליבן,
ביסטו דער ירשן:
אַ זאָמענדל קדושה אין ווינטישע פינגער
פאַרברעקלט אויף שטיינערדיק־חרובע פעלדער.

אַ טיילכל, וואָס איז
אַ פאַרקלענערטע גאַנצקייט.

און אויב ער וועט פרעגן:
— און ווי איז מיין נאָמען?
ענטפער דעם יתום:

— דיין נאָמען איז פאָלק,
ווייל אַזוי האָט געהייסן דיין בערדיקער זיידע
אין אייביקן וואָגל אויף הינטישע וועגן.
און ווייל אין דיין טראָפּן
ראַנגלען זיך וועלטן,
און פעלקער דיך שלאָגנדיק
ווערן געשלאָגן
און פאַלן געבלענדטע
אויף אייגענע שווערדן —
איז וועב אין די נאַכטיקע פרעמדן
דיין פרילינג,
ריין ווי אַ קוואַל
קעגן ליכט פון באַגינען.
ווייל דו ביסט אַ בלוטיקער נס
און אַלצייטיק —

אַ טיילכל, וואָס איז
אַ פאַרקלענערטע גאַנצקייט — — — —

און אויב ער וועט פרעגן:
— פאַר וועמען?
איז ענטפער:
— פאַר יענע, וואָס וואָרצלען אַרוים פון דיין האַרץ
און וועלן דעם גייסט פון מיליאָנען
פאַרוואַנדלען
אין אַ וואַרעמער היים
פאַר אַלע יתומים.
פאַר די, וואָס אַליין וועלן קנעטן דעם גורל
נאָך אייגענעם חלום
נאָך אייגענעם פורעם.
און דו, וואָס דיין נאָמען איז פאָלק,
און דיין פּנים —
אַ חרובע נעסט
אָן פייגל,
אָן טענער, —
קלעטער אַרויף אויף די טרעפּ פון דער נאַכט,
באַגעגן דעם אויפגאַנג
און שריי אים אַנטקעגן:

— רייניק מיך, זון, אויף דאָס ניי
און זיי מוחל,
אַלץ וואָס געווען איז דעם גורלס אַ טעות.
— — — — — — — — — — — — — — —
כ'וועל צוגרייטן אמתע טעג אָנשטאָט קברים,
כ'וועל אויסבויען אייגענע שטעט מיט מיין אָרעם.
און דאָרטן וועט קומען די אייביקייט ווינען
און טעג וועלן לייכטן אין גילדענע קרוינען!

12טן פעברואַר, 1943

## די בלייענע פּלאַטן פֿון ראָמם דרוקעריי

מיר האָבן ווי פֿינגער געשטרעקטע דורך גראַטן
צו פֿאַנגען די ליכטיקע לופֿט פֿון דער פֿריי —
דורך נאַכט זיך געצויגן, צו נעמען די פּלאַטן,
די בלייענע פּלאַטן פֿון ראָמם דרוקעריי.
מיר, טרוימער, באַדאַרפֿן איצט ווערן סאָלדאַטן
און שמעלצן אויף קוילן דעם גייסט פֿונעם בליי.

און מיר האָבן ווידער געעפֿנט דעם שטעמפּל
צו עפּעס אַ היימישער, אייביקער הייל.
מיט שאָטנס באַפּאַנצערט, ביי שיין פֿון אַ לעמפּל —
געגאָסן די אותיות אַ צייל נאָך אַ צייל,
אַזוי ווי די זיידעס אַמאָל אינעם טעמפּל
אין גילדענע יום־טוב־מנורות — דעם אייל.

דאָס בליי האָט געלויכטןביים אויסגיסן קוילן,
מחשבות — צעגאַנגען אַן אות נאָך אַן אות.
אַ שורה פֿון בבל, אַ שורה פֿון פּוילן,
געזאָטן, געפּלייצט, אין דער זעלביקער מאָס.
די יידישע גבורה אין ווערטער פֿאַרהוילן,
מוז אויפֿרייסן איצטער די וועלט מיט אַ שאָס!

און ווער ס'האָט אין געטאָ געזען דאָס בליי־זיין
פֿאַרקלאַמערט אין העלדישע יידישע הענט —
געזען האָט ער ראַנגלען זיך ירושלים,
דאָס פֿאַלן פֿון יענע גראַניטענע ווענט.
פֿאַרנומען די ווערטער, פֿאַרשמאָלצן אין בלייען,
און זייערע שטימען אין האַרצן דערקענט.

12טן סעפּטעמבער, 1943.

## קערנדלעך ווייץ

היילן, דערלאַנגט זיך אַן עפּן,
צעשפּאַלט זיך פון אונטער מיין האַק!
איידער די קויל וועט מיך טרעפן,
איך ברענג אייך מתנות אַ זאַק.

אַלטינקע תּכלתנע דפּן
מיט פּורפּור אויף זילבערנע האָר,
ווערטער אויף פּאַרמעט, געשאַפן
דורך טויזנטער גרויזיקע יאָר.

ווי ביים באַשיצן אַן עופל —
איך לויף מיטן יידישן וואָרט,
גישטער אין איטלעכן הייפל,
דער גייסט זאָל ניט ווערן דערמאָרדט.

שטרעק אינעם שייטער די אָרעמס
און פריי זיך: דער עיקר איז דאָ!
מיינס איז נאָך אַמסטערדאַם, וואָרעמס,
ליוואָרנע, מאַדריד און ייווא.

אָ, ווי מיך פּייניקט אַ שיימע
פאַרטראָגן אין רויכיקן ווינט!
ס'וואַרגן מיך לידער געהיימע:
— באַהאַלט אונדז אין דיין לאַבירינט!

גראָב איך און פלאַנץ מאַנוסקריפּטן,
און גיט מיר דער יאוש אַ פלייץ,
קומט מיר אין זינען: עגיפּטן,
אַ מעשה מיט קערנדלעך ווייץ.

דעמאָלט די שטערן דערציילן איך:
אַמאָל האָט ביים נילוס געבויט
זיין פּיראַמידע אַ מלך
צו קיניגן דאָרט נאָכן טויט.

זאָל מען אין גילדענעם אָרון
אָנשיטן, האָט ער באַפעלט,
קערנדלעך ווייץ — לזכרון
פון אונדזער, דער ערדישער וועלט.

ניין טויזנט יאָר האָבן זונען
געביטן אין מידבר דעם גאַנג,
ביז מ׳האָט די קערנער געפונען
אין דער פּיראַמידע נישט לאַנג.

ניין טויזנט יאָר שוין פאַרגאַנגען!
נאָר ווען מ׳האָט די קערנער פאַרזייט, —
האָבן אין זוניקע זאַנגען
צעבליט זיך אַ בייט נאָך אַ בייט.

— — — — — — — — — — — — —

אפשר אויך וועלן די ווערטער
דערוואַרטן זיך ווען אויף דעם ליכט —
וועלן אין שעה אין באַשערטער
צעבליען זיך אויך אומגעריכט?

און ווי דער אוראַלטער קערן,
וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין זאַנג, —
וועלן די ווערטער אויך נערן,
וועלן די ווערטער געהערן
דעם פאָלק, אין זיין אייביקן גאַנג!

.1943

## סטראַשון־גאַס צוועלף

### א

דורך געסלעך יאָגט דאָס מיליטער —
אויף מאָרדן, אונטערצינדן, רויבן,
באַהאַלטן הונדערט זיך אין דר׳ערד,
און ווייסן ניט וואָס טוט זיך אויבן.

זיי ליגן מיד, זיי ליגן גראָ,
די הונדערט גליווערדיקע שכנים.
און קיינעמס פּנים איז ניטאָ,
ווייל ס׳איז קיין ליכט ניטאָ ביי קיינעם.

נאָר יעדער שאָטן טראָגט אַ פונק,
אַ זעעוודיקן פאַר דעם שאָטן,
דער פונק איז ווייסער פאַר דער שרעק
וואָס האָט זיי אַלעמען פאַרקנאָטן.

באַלייכט דער פונק דעם גרונט פון האַרץ,
ווי ס׳לייכט אַ שטערן אין אַ ברונעם;
אין האַרצן איז געוויין, געוויין,
און טיפער — דעם געוויינס ניגונים.

צי איז דאָס לעבן שטאַרק ווי טויט,
צי האָט אַ האַפט דער הוילער גלויבן?
ס׳באַהאַלטן הונדערט זיך אין דר׳ערד,
און ווייסן ניט וואָס טוט זיך אויבן.

און אויבן יאָגט דאָס מיליטער,
מע שלעפּט המונים צו דער שחיטה:
עס ראַנגלען זיך פאַר זייער פאָלק,
די לעצטע יידן פון דער ליטע.

אַ מיידל שליידערט אַ גראַנאַט...
דער שונא בלייבט אַ ווייל פאַרוווּנדערט,
נאָר ס'רויכערט זיך דערבײַ אַ קנויט
און ס'פּאַלט אַ מויער אויף די הונדערט.

## ב

און די, וואָס בלײַבן אין הײל, —
זיי מײַנען: שוין די שרעק אַריבער.
אומזיסט די טרייסט. עס קומט אַרײַן
דער תּלין הונגער אין די גריבער.

דער תּלין הונגער ווײַזט אַ שטריק
און מאָנט זײַן שטייער בײַ די שאָטנס,
פאַרשליסט די ריפּן מיט אַ רייף
און שפּרייט אַ ריח פון געבראָטנס.

ער צווינגט פאַרזוכן פייכטן זאַמד,
ער שיילט אַראָפּ פון מאַרך דעם דרימל,
פאַרבײַט אויף האָניק דעם געשטאַנק
און מאָלט אין אויג אַ ברויט מיט קימל.

און אויב עס צאַפּלט נאָך אַ וואָרט, —
דערשטיקט ער עס מיט שוואַרצער סלינע,
ער שמעקט אין יעדערן זײַן טעם
און שפּרייט צום נאָענטסטן אַ שינאה.

און שטילערהייט, בסאַמע סוד,
עס הערט ניט נאַכט, עס הערט ניט קיינער —
ער שפּײַזט מיט מענטשנפלייש די נאָז
און שאַרפט די אָפּגעטעמפּטע ציינער.

און שפּעט נאָך שאָרך מיט שאָטנטריט,
עס קריכן גופן, קריכן, זשיפּען,
און ציינער ציִען זיך פאָרויס
און ליפּן שליסן זיך אין ליפּן.

און אויבן צאַנקט די אַלטע שטאָט,
פאַרגייט אין איינעם מיטן זומער.
און ס׳ליגט דער נביא אינעם אַש,
מיט אויסגעברענטער צונג — אַ שטומער.

10טן נאָוועמבער, 1943.

# צו דרייסיק יאָר

מיין טאַטן האָט צו דרייסיק יאָר געפּלאַצט דאָס האַרץ,
ביים שפּילן
ר׳ לוי יצחקס ניגון אויף אַ פֿידעלע, פֿאַרנאַכט — — —
די פֿידל האָט געצאַפּלט אויף זיין אַקסל ווי אַ קינד,
און איר שפּראַך —
אַ ליכטיקער מאַגנעט,
האָט צוגעצויגן
די ווייטע וועלט אין שאָטנדיקן כוטער,
ווו איך, אַ זיבניעריקער בעל־חלום,
האָב אַרום די פֿאָטערלעכע קניען
זיך געוויקלט.

ס׳איז געווען אין ליכטיקן סיביר.
געווען.
געווען.
אַ זונפּלעק,
צי די הייסע צונג
ביים פֿרירנדיקן וואָלף —
האָט געלעקט די שנייען אויפֿן שייבל,
און ניט געקענט אַדורכשמעלצן אין גאַנצן. —
ס׳האָט זיין ליכט
באַלויכטן בלויז די אָפּגעהאַקטע קלאַנגען
פֿון דער פֿידל
און דורכגעשטרייפֿט מיין פֿייכטן אויג מיט פֿונקען.
פּלוצעם האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים האַרץ
דער בלייכער טאַטע,
געטאָן אַ צוק,
אַ וואַקל
מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם,
און אויף די הענטלעך מיינע
האָט אַ פֿאַל געטאָן זיין גוף

צוזאַמען מיט דער פידל — — —
ווי עס פאַלט אַ שווערע צווייג
אַרונטער אויף אַ גרינגער כוואַליע
און די כוואַליע טראָגט זי.

אויבן האָט געשוועבט אַ ניגון.
אונטן, אויפן דיל,
האָט ביים טאַטן אויסגעפּעלט שוין אָטעם.
און צי איך וויל זיך איינריידן,
צי מיינע רייד איז וואָר:
ליגנדיק שוין צוגעאייביקט צו אַ קאַלטן שווייגן,
האָבן זיינע ליפּן מיר פאַרטרויט:
— אַזוי, מיין קינד,
פּרווו אויס אויף דיינע הענט די וואָג פון לעבן,
כדי דו זאָלסט זיך צוגעוויינען
שפּעטער צו דערטראָגן.

אין יענער רגע
איז אין מיר געבוירן דער פּאָעט.
איך האָב דערפילט:
עס דרעמלט ערגעץ אין מיין לייב אַ קערן
וואָס טראָגט אין זיינע אינגעווייידן
אַ באַשטימטע שליחות.
מיר האָט געדאַכט: איך בין דער האַר
פון וועלדער,
מענטשן,
זאַכן,
און אַלצדינג, וואָס איך זע,
איז מיין פאַרקערפּערטער פאַרלאַנג.
פון דעמאָלט גייט מיר נאָך
דעם טאַטנס לויטערע צוואה:
— אַזוי, מיין קינד,
פּרווו אויס אויף דיינע הענט די וואָג פון לעבן,
כדי דו זאָלסט זיך צוגעוויינען
שפּעטער צו דערטראָגן.

אַצינד בין איך אַליין דערלאָפן
צו דעם טאַטנס עלטער.

דערלאָפן —
און ניטאָ קיין וועג צוריק
און ניט פאַרוויס.
און ווען איך מערק מיין פּנים
אין אַ שפּיגל, —
קוואַלט פון זיינע כוואַליעס מיר אַרויס
דער ווייטער טאַטע.
און אפשר בין איך ער, און מיינע יאָרן
זענען בלויז אַ קייטלונג
פון זיין אָפּגעשיידטן לעבן?
דאָס זעלבע פּנים ווי ביי אים, —
דערמאָנט אָן שניי אויף שויבן...
דאָס זעלבע האַרץ
וואָס גרייט זיך אויף צום פּלאַצן,
און אויך אַ רויטע פידעלע
פאַרמאָג איך ווי דער טאַטע:
זעט, איך ריים די אָדערן
און שפּיל אויף זיי מיין ניגון!
— — — — — — — — — — — — —
נאָר קיינער איז ניטאָ
אַרום די קניען זיך צו וויקלען,
און אָפּוועגן מיין לעבן,
ציען ווייטער
ווי אַ ווינט,
מיין בענקשאַפט־וואָלקן צו אַ קלאָרן ציל,
אַהין,
וווּ אַלע ווערטער קומען רוען,
וווּ עס טרעפן זיך צוזאַמען טעג,
ניט באַגעגנט קיין מאָל
איינס דעם צווייטן.
— — — — — — — — — — — — —
ווי אַ שטיין פאַרקלאַמער איך אין פּוסט
די דרייסיק יאָר,
און שליידער זיי אין תהום
פון קאַלטן שפּיגל.

אויגוסט, 1943.

# דאָס ייִנגל פֿון אײַזן

...אַן אויסגעברענטער שוואַרצער מגן־דוד
אויף זײַן שטערן,
די האָר ווי קאָלטנס קראָפּעווע,
די אויגן — אײַז אין פֿרילינג,
און אויסגעשטאַרצטע געלע ריפּן אונטער לעבער, שמאַטעס,
שפּאַנט אַ ייִנגל, טראָגט זיך מיטן קעניגסבערגער שליאַך,
אָנגעלענט אָן סוקעוואַטן שטעקן.

ברייטע ווערבעס טאָפּלען זיך אין וואַסער.
קאָרנבלימלעך לאָקן דורך די זאַנגען —
און דאָס ייִנגל, אָנגעלענט אָן שטעקן,
אײַלט פֿאָרויס,
ווי ניט פֿאַר אים די וואַקסעכץ.
בלויז פֿון צײַט צו צײַט
ער טוט דעם קאָפּ אַ וואָרף אַהינטער,
ווי אַ פֿויגל פֿאַרשנדיק, ווי ווײַט איז נאָך דער שטורעם:
אים דאַכט זיך נאָך, מע יאָגט.

— זאָג מיר, קינד, וווּהין איז דײַן געאײַל,
צי וואַרט אויף דיר אַ שטוב, אַ טאַטע־מאַמע?

בלײַבט ער שטיין פֿאַרגליווערט אויף אַ ווײַל,
ווי ס׳וואָלט די וועלט פֿאַרשטעלט אַ ליקוי־חמה:

— כ׳האָב קיינעם ניט.
מע זאָגט, אין ווילנע איז אַ שול פֿאַראַנען,
גיי איך דאָרטן,
ס׳איז נאָך ווײַט פֿון דאַנען? —

שטעלן מיר זיך ביידע אויף אַ באַרג
און איך ווײַז אים אָן, וווּהין צו שפּאַנען.

הייבט ער אונטער גאָר די וועלט אין טאָרבע
און ער לאָזט זיך אייליקער נאָך גיין
דורך שטאָק און שטיין.

שריי איך אים פון ווייטן:
— ייִנגל, ייִנגל,
און דו אַליין
פון וואַנען ביסט, פון וואַנען? —

ציינדן זיך ווי צונטער
זיינע קנייטשן,
די אויגן נעמען שמעלצן בלאָען גאָלד,
און פונעם ליפּ־ווינקל טוט אַ שטאָלצקייט זיך באַווייזן:

— פון וואַנען בין איך, האַ?
איך בין פון א יי ז ן !

יולי, 1994.

# טרייסטליד

פֿאַרנעם אין דיין גרויסער צעטומלונג, דו ווונדערלעך פֿאָלק מיינס, אַ טרייסטליד,

ווען ס'קרעכצט דיין געבויגענער נאַקן
און וואַרט שוין ניט מער אויף גענאָד.
ביסט צווישן די פֿעלקער אַ מאָנונג, אַלץ איינס צי דו ווייסט אָדער ווייסט ניט;
עס וועלן דיך העק ניט צעהאַקן,
עס וועט ניט צעדרייען קיין ראָד.

פֿון אָקסל אויף אָקסל טראָגסט ווייטער די אַלטע גראַניטענע לוחות —
עס לייענט די צוקונפֿט זיי, איידער
זי טוט זיך פֿאַרוואַנדלען אין איצט.
עס גיבן אַ הייב זיך ווי ימען פֿון וועגן דיין מאָנונג מלוכות,
און ס'ציטערט דער וועלטישער סדר,
ווי דו האָסט דיין נאָמען פֿאַרקריצט.

דיין היים איז די גרייס ווי דיין עלנט; פֿאַרמעגן — צו וואָס איז דיר נייטיק?
דיין פֿאַלן איז שטענדיק אַ בשורה:
די אויסלייזונג רייסט זיך פֿון קייט.
ווי אָנגעגליט אייזן אין וואַסער, פֿאַרשטאָלט איז דיין שוואַכקייט אין ווייטיק,
און ווער עס דערפֿילט אַזאַ גבורה
דער האָט שוין זיין לעבן באַשיידט.

געבונדן די הענט און זיי גראָבן אויף ס'ניי די פֿאַרשאָטענע קוואַלן —
דאָס מויל מיט אַ פּויסטיקן זיגל —
עס גייט ניט פֿאַרלוירן קיין טראָף.
און אַלע וואָס האָבן געמאָרדט דיך, זיי מוזן און וועלן צעפֿאַלן,
און ליגן אין שאַנד פֿאַר דיין וויגל,
ווי ס'דרימלט אַ נייער באַשאַף.

אין שלאַכטפעלדער וויקלסט פונאַנדער די געסעלעך הפקרדיק שמאָלע,
דו ברענסט ווי די זון דורך אַ שטורעם
און ברענענדיק ווערסטו באַפרייט. —
דעם חבר וועט שטאַרקן דיין ברכה, דעם שונא וועט סמען דיין קללה!
און שמעלצן וועסטו אין דיין פורעם
די נאָך־ניט־געבוירענע צייט.

.1943

# אויטאָפּאָרטרעט

די שטאָט —
ווי אַן אָזערע וואָלט זיך געשטעלט
אויף די הינטערשטע פיס
און געבליבן אין אימה,
באַצויגן מיט אייזיקע שופּן —
האָט אַ ציטער געטאָן מיט די גרייז־פּיאָלעטענע קנייטשן,
ווען כ׳האָב מיט די פינגער
צערונצלט איר גלאָזיקן פּנים.

עכאָ פון שאָטנס.
געקרייציקטע קלאַנגען.

און איך בין געגאַנגען.

זיילן פון ליכט,
ווי צעבראָכענע זאַנגען.

און איך בין געגאַנגען.

וווהין?

צו געפינען אַ מענטשלעכן אָטעם,
אַ לעבעדיק וואָרט איבער ליימיקע ליפּן,
אַ פּנים צו קאָנען אים זאָגן: גוט מאָרגן!
צוזאַמען מיט דיר האָט די וועלט נאָך אַ קיום,
און ס׳קריכן נית מער פון די אַרבל קיין שלאַנגען...

און איך בין געגאַנגען.

אַמאָל האָט דער הונגער פאַרבלענדט מיך ווי לילית,
און כ׳האָב אויף אַ בוידעם אַ שוואַלב אויפגעגעסן.

אַצינד, זיך דערמאָנט, האָט די שוואַלב אויסגעצוויטשערט
פון מיינע שוואַרצאַפּלען איר שוואַלבן־נקמה.
ניטאָ מער אין זיי מיינע טרערן,
דער פויגל
האָט אויסגעפּיקט אַלע
אין דולן געצוויטשער.

אַמאָל, ווען איך בין אין אַ קעלער געלעגן,
ביינאַנד מיט אַ מת ווי אַ בויגן פּאַפּיר,
באַלויכטן מיט פאָספאָרנעם שניי פונעם באַלקן —
פאַרשריבן האָב איך מיט אַ שטיקעלע קויל
אַ ליד אויף פּאַפּירענעם לייב פון מיין שכן.
אַצינד איז אַפילו קיין טויטער ניטאָ מער, —
באַליידיקטע ווייסקייט
מיט סאַזשע באַהאַנגען.

און איך בין געגאַנגען.

אַ לאַנג שוין געפאַלענער שניי איז געפאַלן.
און ס'האָט זיך באַוויזן מיט פייערלעך קליינע
מיין היים,
ווי אַ טעמפּל
צעגריזשעט פון בליצן...
איך האָב זי דערקענט ווערליק חלום פון קינדהייט.
פאַרהאַקט ווי אַ שלאָס האָט זיך הינטער מיין פּלייצע
אַן אָטעם.
און טשוועקעס
געשלאָגן אין לייב האָט די אייזערנע שטומקייט.

און בלאָנדזשענדיק איבער די שנייען אין טעמפּל
אַנטפּלעקט האָט זיך מיר אַ באַוואַקסענער מענטש,
געבויגן ווי איך,
צעפּאַטלט און קנאָביק,
באַשיינט פון אַן איבערגעפּוילטער לבנה.

— העי, וואַנדלער, ווער ביסטו?
און ס'האָט דער באַוואַקסענער טעמפּ זיך צעוואָיעט:
— ווער ביסטו?

— דערקענסט מיך?
און יענער מיט זעלביקער שאלה:
— דערקענסט מיך?

— נשמה?
און ס'האָט דער באַוואַקסענער צוגעטאַנצט נענטער:
— נשמה?

נאָר ווען כ'האָב דערזען אויף זיין פּנים די קאַרבן,
דערלאַנגט זיך אַהין מיט נצחון אַ לאָז, —
האָט עמעץ אַ סמאַליע געטאָן מיר אין שאַרבן,
און איך בין געפאַלן ביים גרענעץ פון גלאָז.

.1951

# יידישע גאַס

ביסט ניט פֿאַרגאַנגען. דיין פּוסטקייט איז פֿול.
פֿול מיטן פֿאָלק ווי מיין אויג מיט דער מאַמען.
ערגעץ נאָך פֿלאַטערט אַ שיימע, אַ שול,
ס'האָבן אויף זיי ניט קיין שליטה די פֿלאַמען.
איך וואָלט געשווירן: אומערדיש דיין גבול,
טיף אין געווען און וועט זיין — דיינע שטאַמען.
אָט איז די באָרד אויפֿן בלוילעכן ש"ס,
אָט איז דאָס הייליקע קרעמל מיט קוואַס.
יידישע גאַס.

דו ביסט דער ניגון, וואָס דורות צוריק
האָבן אַרויסגעשפּילט מיינסטער כּלי־זמרים.
ס'האָט זיך פֿאַרשטעלט אין אַ גאַס די מוזיק,
בלויז פֿאַרן אָרעמען דאַכט זיך: ביסט אָרעם.
ווען ס'איז אָבער געשאָנקען דאָס גליק,
זאַמלט דיין פּראַכט מיט אַן אָפֿענעם אָרעם.
אָט איז די פֿאָנע פֿון בלוטרעגן נאַס,
אָט איז די לערערין מירע אין קלאַס.
יידישע גאַס.

אויב נאָר דיין שטערן־פּרוכת איז וואָר —
איז אויך דיין וואָר ניט קיין חלום קיין בלינדער.
אָט איז דער נביא מיט שטיינערנע האָר,
מאָלט די נבואה פֿאַר נאַקעטע קינדער.
קען דען די וואָג פֿון אַ פֿינף הונדערט יאָר
ווינציקער וועגן פֿון פּיצל אַצינדער?
ווער זאָגט פֿאַרשווּנדן? אַ ליגן, אַ שפּאַס,
ערגעץ נאָך בומקעט דער באַסער אין באַס.
יידישע גאַס.

לעבט ניט דער ניגון, ווען טיף אויף זיין גרונט
שטראַלט דאָס געביין פון געפּאַלענעם שפּילער?
שטיינערנע צערטלעניש וויקלט מיך רונד, —
מיך, דיין פאַרוואָגלטן, מיך, דיין דערפילער.
יידישע גאַס, לאָמיר שליסן אַ בונד!
לאָמיר דערהערן דיין אייביקייט, שטילער:
אָט ביסטו ווידער אַזוינס און אַזאַס,
העכער פון האַס און פון צייט דער מרשעת —
יידישע גאַס!

.1946

**
*

פֿאַרגאַנגען איז אַ יידנוועלט מיט מתמיד און מיט מאָניש,
מיט כּלה־יידיש אויסגעפּוצט אין פֿאָלקסלידער באַהאַרצטע.
אַ יידנוועלט איז אויסגעגאַנגען אימהדיק־האַרמאָניש,
באַגלייט פֿון שפּילנדיקע פֿידלען — קינדערלעך די צאַרטסטע.

נאָר ווען דאָס לעצטע פֿאָלקסליד האָט געצאַפּלט אויף אַ תּליה,
און מיט אַ גרינעם איילבערטבלאַט קיין טויב איז ניט געקומען;
ווען טויט־לבנה האָט פֿאַרביטן שוין געוואָלט די שקיעה —
אַ ריס געטאָן האָט זיך פֿון מויל דעם אויסגעקרימטן, שטומען,

אַ גאָלדענע נשמה, איז געפֿלויגן איבער ימען,
און אויפֿגעלעבט אָט דאָ, אין לאַנד פֿון חלום, יענע אַלע,
וואָס האָבן אויסגעצאַנקט אין אַשן מיט דער פֿאָן צוזאַמען,
און ווידער איז די יידנוועלט געוואָרן מיר נתגלה.

נביאים גיבן זיך די הענט מיט שפּאַנענדיקע עולים,
ווי קאָנען זין פֿון אייביקייטן איינליגן דערנעבן?
עס נידערן פֿון הימל מתים... און ס'באַגלייט דעם עולם —
אַ וואָלקנזייל פֿון אומקום און אַ פֿלאַמענזייל פֿון לעבן.

1948

***

ביסט געקומען אַ נאַקעטער,
אין גאַנצן אין פייער.

דיינע בגדים —
פון מאַמישע פינגער גענאָדלט,
ווי שפּילנדיק פּיאַנאָ אויף סאַמעט און זיידנס —
פאַרסמאַליעטע זענען געפאַלן אין שאָטן.
די נאָדלען, די נאָדלען —
זיי האָסטו פאַרהיט.

ביסט געקומען אַ נאַקעטער.
ס'איז דיין אַליינקייט
כולל די גאַנצקייט פון כמה וכמה.
אין איין אויג — אַ וואָלף,
אינעם צווייטן — דיין מאַמע.
וועסט זיי שוין ביידן
ניט קאָנען צעשיידן.

ווער קאָן באַקליידן
דיין גוואַלדיקע הוילקייט?
אַפילו ווען ס'וואָלט דיך באַגעגנט ישעיה —
ער וואָלט מיט אַראָפּגעלאָזט בלייענע וויעס
און ליפּן פאַרשעמטע
געבראַכט זיין נביאות.
טאָ מאָן ניט קיין טרייסטונג
ביים אייגענעם ברודער.

צווישן אייך ביידן ליגט אַ וואַרשעווער אויפשטאַנד,
ווי אַן אייביקער פלאַמען־סמבטיון,
וואָס שליידערט
מיט יידישן גורל
אַפילו אום שבת.

ווי קאָנען די מענטשן פון דאַנען דיר גלייבן,
אַז דו האָסט אין וואַרשע
פאַרטיידיקט דעם קאַסטעל?
אַז דו האָסט אין טויטן־מדינה געפורעמט
די לעבעדיק־היימישע
יונגע מדינה?

נאָר גלייבן דיר וועט דער וואולקאַנישער האַרצקלאַפּ
פון לאַנד,
יענער האַרצקלאַפּ, וואָס דו האָסט דערהערט,
ווען דיין האַרץ האָט אויפגעהערט קלאַפּן אַ ווײלע.
און אַז צונייגן וועסטו דיין אויער צו דעם,
אַזוי ווי אַ זעגל צום סוד פון די אינדן —
וועט אויפגיין אַ קול,
ווי דאָס קול פון אַ פּסוק אַ טייטש־חומש־לינדן:
— ביסט מיינער,
געבענטשט זאָלסטו זיין מיט דיין קומען.
ס'איז מיינע שאָף — דיינע,
ס'איז מיין גאָרטן — דיין גאָרטן,
מיט אַזאַ מין אַכזריות ווי דו האָסט געשאָסן פון ביקס,
מיט דער זעלביקער צערטלעכקייט פלאַנץ דאָ דיין ווייַנגאָרטן.

1948

# אַ זעאונג

פאַר דוד פינסקי

פון וואַנען קומט דער שטורעם אויפן כרמל? פון אַ פעלדז.
איך האָב געזען:
אַ וואָלקן־האַמער האָט דעם פעלדז צעשפּאָלטן
און ס'האָט פון זיינע שטיינגעווייד אַרויסגעפּלאַצט אַ שטורעם —
אַ פייער־וואָגן, וואָס די רעדער זיינע — פיר מזלות,
אויף בלאָע, דימענטענע אַקסן,
האָבן אונטער וואָלקנס
געאַקערט איבער מיין געביין.
און ס'האָט אין מיטן וואָגן
אַנטפּלעקט זיך אַ געשטאַלט, וואָס אין איר פּנים איז פאַרקנאָטן
די פּנימער פון אַלע מענטשן, חיות און געוויקסן...
ויהי — קוים האָב איך אויסגעדאָרשט מיין בענקשאַפט צו דער זעאונג,
אַזוי האָט מיך אַ שטראַלנראָד פאַרשלונגען אין זיין ווירבל,
און כ'בין געפלויגן אינעם ראָד
צעווישן ים און וואָלקן,
געגליכן צו אַ שטערן אין די נעגל פון אַן אָדלער...
און איידער מיין געדאַנק איז נאָך אַריין אין די שוואַרצאַפּלען,
איידער ס'האָבן ליפּן זיך פאַרבלוטיקט מיט אַ וואָרט, —
אַרויסגעשווומען איז אַ שטאָט פון שוואַרצע פּערל־נעפּלען,
אַן אורלעגענדע אָפּגעניקלט מיט ווולקאַנען לאַווע,
און כ'האָב דערקענט:
דאָס איז די שטאָט פון אַלע מיינע ליבסטע,
די שטאָט וואָס האָט ניט קיינעם, קיינעם אויסער מיינע טרערן.
און אויפגעשפּאָלטן איז די שטאָט
ווי מיט אַ ווײַלע פריער
דער פעלדז וואָס אויפן כרמל...
און עס שטייגן פון דער ערד
אין פייער־וואָגן —
אַלע מיינע ליבסטע.

...באַלד
מיר פליען
צוזאַמען מיט דער שטאָט
אַהין צום כרמל,
אויף צוריק,
און די געשטאַלט מיט פּנימער פון מענטשן, חיות,ביימער, —
בענטשט די איינוווינער פון שטאָט
ווי יעקב זיינע קינדער — — —

1951

# זונפאַרגאַנג אין צפת

אין דיינע פּענצטער פלאַקערט שלמה מולכו אויפן שייטער, —  
כ'האָב אויך אַמאָל געפלאַקערט אָט אַזוי אין מיטן גאַס.  
אַצינדער בין איך אָפּגעשפּיגלט אינעם בלאָ פון צפת,  
אויף אַ דאַך מיט גאָלדיק־רויטע קרייטער.  
אַצינדער, ווען איך שוועב מיט אויגן נאַס  
צום זוהרדיקן עצמון־באַרג, ווו ס'קוואַלן  
קבלה־ברונעמס — וויל איך פאַלן, פאַלן,  
און אויסטרינקען פון זיי דיין פּנים, צפת!

1948

# דער שניי אויפֿן חרמון

מאי קאָ משמע לן דער שניי, וואָס אויפֿן חרמון אויבן?
ער אַנטפּלעקט מיר אַ באַשניטע, אָוונטיקע כאַטע,
ווען באַגאַרטלט מיט אַ זעג עס קומט אַריין מיין טאַטע,
און די זון, וואָס בלאָנדזשעט אינעם וועלדל אויף די שויבן,
פֿינקלט אין זיין באָרד, זיין אָנגעאייזיקטע, אין כאַטע.

ער דערמאָנט מיר אָן די יידן, וואָס ווי שנייען קלאָרע,
זענען זיי געפֿאַלן שטומערהייט אַ גאַנצן ווינטער
און זיי ליגן הינטער מיינע שוואַרצאַפּלען, — אַהינטער,
בענקען, אַז אַ פֿרילינג זאָל זיי מאַכן אַ הזכרה.
נאָר איז דען פֿאַראַן אַזאַ מין פֿרילינג אַ צעגרינטער?

פֿויגל פֿונעם חרמון! וואָס איך האָב געשלאָסן קאַנטשאַפּט
נאָך אין אל הצפּור מיט דיין האַרציקער נגינה, —
ברענג אַ שניי אַ קינדישן אויף דיינע פֿליגל דינע
פֿון מיין היים, דער עיר ואם, — וועט ליבער זיין די לאַנדשאַפֿט.
אָנעם שניי וועט קאַלט זיין אין דער פֿלאַמיקער מדינה.

1948

# די קוויטלעך אויפֿן קבר פֿון רב שמעון בן יוחאי

אויף מצבה־שטיינער בלאָע
פֿון רב שמעון בן יוחאי
ליגן קוויטלעך אַלערליי,
אָנגעטרערנט,
אָנגעשטערנט
און געחתמעט זענען זיי:
אינדיש,
יידיש,
אַראַמעאיש
און אַ קאַפּעטשקע העברעאיש.

ווען די נאַכט, געשפּינט פֿון זיפֿצן,
הייליקט און הייליקט די גאולה,
ביי ל״ג־בעומרדיקע יידן
איינגעזויגן אין הילולא —
דעמאָלט שפּאַלטן זיך די שטיינער
און מיט זיידענע אַזעלכע
זיידע־פֿינגער — קלייבט רב שמעון
די אַרויסגעבליטע קוויטלעך
און ער לייענט זיי געמיטלעך
ביי דעם אָפּשיין פֿון הילולא.

זיינע אויגן שמייכלען קינדיש
און ער בענטשט אַן אינד אויף אינדיש.

אָט אַ לשון פֿול מיט חידוש —
און ער בענטשט אַ ייד אויף יידיש.

קיין עין הרע
יידן גאָרע,
נאָר די ברכות ניט צעמישן.

אזן ער פרייט זיך, וואָס צעווישן
אינדיש,
יידיש,
אַראַמעאיש,
איז נאָך דאָ אַ טראָפּ העברעאיש.

1951

# ייִדיש

זאָל איך אָנהייבן פֿון אָנהייב?
זאָל איך ווי אברהם
אויס ברודערשאַפֿט צעהאַקן אַלע געצן?
זאָל איך זיך אַ לעבעדיקן לאָזן איבערזעצן?
זאָל איך איינפֿלאַנצן מיין צונג
און וואַרטן ביז פֿאַרוואַנדלען
וועט זי זיך אין אָבותדיקע
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען?
וואָס פֿאַר אַ קאַטאָוועסדיקע
וויצן
דרשנט מיין פֿאָעזיע־ברודער מיט די באַקנבאַרדן,
אַז מיין מאַמע־לשון גייט באַלד אונטער?
מיר וועלן נאָך אין הונדערט יאָר אַרום דאָ קענטיק זיצן
און פֿירן די דיסקוסיע ביי דעם ירדן.
ווייל אַ שאלה נאָגט און נאָגלט:
אויב ער וויים געווי ווו
די תפֿילה פֿון בערדיטשעווער,
יהואָשס ליד
און קולבאַקס
וואָגלט
צו דעם אונטערגאַנג —
טאָ זאָל ער מיר, אַ שטייגער,
אָנווייזן, וווהין די שפּראַך גייט אונטער?
אפֿשר ביי דעם כותל מערבֿי?
אויב אַזוי, וועל איך דאָרט קומען, קומען,
עפֿענען דאָס מויל
און ווי אַ לייב
אָנגעטאָן אין פֿייערדיקן צונטער,
איינשלינגען דעם לשון וואָס גייט אונטער.
איינשלינגען, און אַלע דורות וועקן מיט מיין ברומען!

1948

# לידער פון נגב

## אויפן וועג צו באר־שבע

אַ סנה איז דאָס וואַסער פון ליימיקן ברונעם,
ווו צופעליק אָפּגעמעטשט האָט זיך מיין וואָגל.
אַ סנה אין געפלאַקער, אַ סנה מיט ניגונים, —
ס'צעפּאַלט ווי אַ שאַרבן, ביים שעפּן, מיין לאָגל.

פון אוראַלטן ברונעם נעמט שטייגן אַן אָרעם,
צעשניידט מיך אויף טיילן מיט שטיין וואָס איז בלענדיק.
— זאָל ווערן געשלאָסן אַ ברית בין הבתרים,
אַ בונד צווישןביידן פאַרזיגלט אויף שטענדיק.

אַצינד איז מיין גייסט ניט צום גוף קיין געקייטער.
די זילבן און קלאַנגען — לויט אַנדערע מאָסן.
פון ברונעם נעמט שטייגן אַן אָרעם אַ צווייטער —
דער בונד איז געשלאָסן.

## מעלה עקרבים

דאָ ביסטו ביים וואַרשטאַט פון גאָר דער יצירה.
פאַרדינגנען זיך קאָנסטו אים ווי אַ געזעלן, —
די אייביקייט וועט דיר באַצאָלן מיט אירע
מטבעות — אויב ס'וועט נאָר דיין אַרבעט געפעלן.

האָסט גאָרניט פאַרזאַמט ביים „געשטייג פון סקאָרפּיאָנען" —
דאָ האָט זיינע קונסטבילדער אויסגעשטעלט בראשית:
אָט קושט זיין געליבטע דער עמוד הענן
און זי, די געליבטע, אַן עמוד האש איז.

ווי פשוט, קיין וואונדער ניט אויף אַ רפואה,
דערזעסט דעם באַשעפער דורך זאַמדענע גלאָזן.
אין שטעט אינדערלופטיקע ווינט די נבואה,
ניט עלטער, ניט יינגער — ווי האָסט זי געלאָזן.

## דער בוים אין עין־חוסוב

ווען ס'פלאַקערט דאָס זאַמד ווי געצונדענע זאַנגען, —
אומזיסט די אַלמעכטיקע זון וויל אַ ווײַלע
צום צוויטוויזנטיעריקן בוים דאָ דערלאַנגען,
אַוור אין זיין עיגול איז פינצטער, איז לילה.

זיין צווייגן־געוועלב האָט אין לאַנגער מלחמה
געשלאָגן צוריק אינעם באָדן די צווייגן!
דערציילט האָט ביים שלאָף אים זיין טאַטע מסתמא:
— אַ מידבר־פאָלק האָב איך געזען דאָ פאַרבייגיין.

געניייגט איז מיין אויער צום בוים. אַ באַהאַלטן
געוויין מאָנט אַ תיקון: „באַפריי מיך פון ענגשאַפט!"
אַ האַק! כ'וועל דעם בוים אין עין־חוסוב צעשפּאַלטן,
און, אפשר, געפינען מיין אייגענע בענקשאַפט.

## „די פוקסן פון נגב"

זיי האָבן געירשנט דעם בליק פון די פוקסן,
געצונדן פון שמשונען קעגן דעם פלישתי.
מיט שטאָלענע בערד און געפעלדזיקטע וווקסן —
געקומען צוריק פון די בלעטער פאַרמישטע.

פון ווייסל און דוניי, פון גאַנגעס און דניעפּער,
דער סיני אַליין האָט זיי אַלע גערופן —
צו קענען ווי לייב אין די הענט פונעם טעפּער
נבואה־געשטאַלטן פון אייגענע גופן.

זיי האָבן זיך ווינציק געקענט. אין זכרון
געבליבן בלויז דראָבנינקע אותיות פון סידור.
נאָר דאָ האָט אַ בת־קול פון ברעניקן דאָרן
די פוקסן געאייניקט: אַצינד זענט איר ברידער.

## אָדלערס

און פּלוצעם — אַן אָדלערין, ווי אַ באַליידיקט־
באַפליגלטער וואָלף, מיט אַ שנאָבלדיק וואָיען,
דערלאַנגט זיך אַ הייב קעגן מיר, און פאַרטיידיקט
איינציימיק דאָס קליינוואַרג, וואָס דרימלט אין טויען.

און ווען מיטן זעץ פון אַ שטיין איך פאַרהאַלט זי,
און ס'פּלאַצט פונעם שטערן דער קופּערנער זיגל —
מיט פליגל פונאַנדערגעצויגענע פאַלט זי,
באַשיצנדיק ס'קליינוואַרג מיט ווונדיקע פליגל.

און איידער ס'אַנטלויפט איר די ערד מיטן הימל,
באַצויגן מיט פלעקן פון טאָגס ליקוי־חמה, —
צעפּיקן די קליינע דעם טויאיקן דרימל
און פליען אַן פליגל זי ראַטעווען: מאַמע!

## וואַדי דזשעראַפּי

געבענטשט איז דער וואַדי דזשעראַפּי מיט זיבן
גינגאָלדענע עבאָס אַלץ דינער און דינער.
אַן אויסקלאַנג, אַ נאָמען — צעפּאַלט זיך אין זיבן,
ס'דערציילן אַזוי מיט עקסטאַז בעדואינער.

איז וועלכן זשע וואָרט זאָל איך לאָזן דאָ שוועבן
צעווישן דער בלאָקייט און פעלדזענער סטאַדע?
אַליין די נשמה נעמט אויסקלינגען: לעבן!
און זיבן מאָל ענטפערן גלעקער פון וואַדי.

און דאָ, ווו דאָס „לעבן" אין שפּאַלטונג פון סקאַלע
שלאָגט אָפּ זיבן מאָל — שלאָגן אָפּ שוין צוזאַמען
געפּאַנגענע זונען אַזוי פיל, און אַלע
צעשמעלצן ווי קופּער דעם טויט אין די פלאַמען.

## רויטהאָריקע שטעט

געזען האָב איך שטעט פון געמוסקלטן פייער,
ביז איצט ניט באַמערקט פון קיין שום געאָגראַפן.
באַשאַפענע שטעט מיט מוזיק אומגעהייער,
וואָס קיינער האָט זייער געשטאַלט ניט באַשאַפן.

זיי האָבן זיך קענטיק אַליין דאָ געשטעטיקט
און אייגענע פאָרמען באַגאָסן מיט לאַווע.
אַליין, מיטן אייגענעם ווילן, באַשטעטיקט
אַ היים פאַר די נאַקעטע אָדם וחוה.

רויטהאָריקע שטעט אין באַגיניקן אָטעם,
חלומות אָן מענטשן אי בלוטיק, אי טייער,
אין אייך וועלן וווינען רויטהאָריקע שבטים,
געגאָסן פון זעלבן אומזעטיקן פייער.

## די ביינער פון יוספן

„דורך דאַנען האָט משה געטראָגן די ביינער
פון יוספן — ביז צו די היימשפּיצן בלאָע".
צעוויינט זיך דאָס האַרץ: ניט באַוויזן אַליין נאָר
מקיים צו זיין האָט מיין דור אַ צוואָה.

די ביינער פון יוספן, האַלב ניט־דערלאָשן,
געלאָזט האָט ער עלנט אין טויטע קהילות.
צוזאַמען מיט זיי — דעם נר־תמיד פון לשון,
געקומען אַ הוילער אָן באָבעשע תפילות...

די ביינער פון יוספן דאָ, אונטער זעמדער,
די ביינער פון יוספן דאָרט, אונטער פּוילן —
דערקענען זיך ווינציק און בלייבן אַלץ פרעמדער,
און שניידן ווי מעסערס און גליען ווי קוילן.

## און זעסט ניט קיין רעגן

לא תראו רוח ולא תראו גשם והנחל ההוא ימלא מים.
(מלכים ב׳, ג, י״ז)

און זעסט ניט קיין רעגן, און פילסט ניט קיין טראָפּן,
צעפלאַמטער שיגעון אין זאַמד נע־ונד איז;
און שטראָמען ווי קריגספערד אין ווילדע גאַלאָפּן —
קלאַפּ־קלאַפּ פון די פעלדזן אין ביינּיקע וואַדיס!

ווהין? ס׳יאָגן אַלע פון סודיקער געגנט
צעהאַקנדיק צוימען, גראַניטענע שלעסער,
און איין שטראָם דעם אַנדערן שניידיק באַגעגנט
און פּלייצט אים אַריין אַ בריליאַנטיקן מעסער.

ס׳געדויערט ניט לאַנג און די זאַפטיקע שטראָמען
פאַרשווינדן. עס בלייבן פון זיי אויף די דעקן
בלויז גראָזן, צעבליט פון באַוואַסערטן זאָמען,
ווי גרינע, לאַנג־לאַנגע קאָמעטישע עקן.

## ר אָ ס - אַ ל - נ ק י ב

געשפּינט פון מזלות ווי גלאַנציקע פעדעם, —
די נאַכטנעך פון הימל־געוועלב נעמט זיך טונקען,
באַצאַפּלט די שניידיקע פעלדזן פון אדום
און נידערט אין ים־סוף צו זייערע פונקען.

געפאַנגען — הייבט עמעץ אַרויף זי אַ פולע
און תיכּף אַ ליידיקע שעפּט זי שוין ווידער
די פעלדזן פון מדין, געשפּאָלטענע, דולע,
דערנאָך קומט די נעץ אויפן דיכטער, אויף לידער...

באַלד־באַלד, מיט די לידער צוזאַמען איך פלי שוין,
ס'באַדעקט אונדז די נעץ. מיינע הענט — אויף די פעדעם.
פון אונטן די שטומקייטן שפּילן זיך, מישן,
פון אויבן באַגעגנט דער ים־סוף און אדום.

## ה י ר ש ן   ב י ים   י ם - ס ו ף

דער זונפאַרגאַנג האָט זיך פאַרעקשנט מיט העזה
צו בלייבן אין ים־סוף ביי נאַכט, ווען עס קומען
צום פּאַלאַץ פון וואַסער — די אומשולדיק ראָזע,
די איידעלע הירשן צו שטילן דעם גומען.

זיי לאָזן די זיידענע שאָטנס ביים באָרטן
און לעקן אין ים־סוף די רינגען פון קילקייט
מיט פידלענע פּנימער לאַנגע. און דאָרטן
געשעעט די פאַרקנסונג ביי זיי מיט דער שטילקייט.

געענדיקט — אַנטלויפן זיי. רויזיקע פלעקן
באַלעבן דעם זאַמד. נאָר עס בלייבן פול יאָמער
די זונפאַרגאַנג־הירשן אין וואַסער און לעקן
די שטילקייט פון יענע, וואָס זענען ניטאָ מער.

## סקעלעט פון אַ שיף

באַצויגן מיט מושלען, קאָראַלן, פּאָליפּן, —
סקעלעט פון אַ שיף, נאָך געמייסטערט פון שלמהן.
דער שטורעם באַלעבט זי מיט ימיקע ליפּן,
איז בענקט זי פון ים־ברעג צו ימיקע שוימען.

אַ מאַסטבוים אין ווינט איז פון אויבן די פּאַלמע!
ס׳באַוועגן זיך קעפּ, די געביינען — געשלאָסן.
ס׳באַוועגט זיך די שיף... און — רבונו דעלמא —
צוריק האָבן אויפגעלעבט אירע מאַטראָסן.

זיי פּאַטשן די רודערס אין זאַמד ווי אין וואַסער,
אַנטקעגן — דער ים־סוף, בלויז עטלעכע שפּאַנען.
דערשוווּמען? דער גורל איז תמיד אַ שפּאַסער:
זי בלייבט אויפן זעלביקן אָרט ווו געשטאַנען.

## אילת

בלאָאויגיקער ים־סוף האָט היינט זיך פאַרגונען
מיט פּסוקים פון כוואַליעס דערציילן אָן אויפהער:
— „אויף מיר זענען שיפן געגאַנגען ווי זונען,
געבראַכט קיין ישראל די אוצרות פון אופיר.

פאַרזונקענע מאַנען זיי איצטער אין טיפן
און שטענדיק זיי קומען צו חלום ווי מתים...״
— אָ, ים־סוף מיין טייערער, ס׳וועלן די שיפן
בקרוב נאָך אויפזעגלען תחית המתים.

נאָר זאָלן זיי פירן אין כל מיני וועלטן
ס׳געזאַנג פונעם סיני און שלמהס משלים.
און זאָלן זיי ברענגען אין יעקבס געצעלטן
די פּערל פון פריינדשאַפט און ס׳גינגאָלד פון שלום.

## די לעצטע ליניע

עס טונקלט. די לעצטע, די אורלעצטע ליניע,
קרישטאָליק־איינמאָליק פאַרלויפט מיר אין צאַפּל.
דערלאַנגט אין דער לופטן זיך דריי מאָל אַ מיניע
און לערנט מיך, צוקנדיק טיף אין שוואַרצאַפּל:

— די לעצטע איז ערשטע. מיין רו איז אין לויפן.
און וואָלט ניט געשטאַלטיקט דעם גאַרנישט מיין ריטעם, —
דערפילן דו וואָלסט ניט געקאָנט בשום אופן
די ליניע, וואָס ציטערט אין מענטשן און ציט אים.

— געדעכט ביסטו, ליניע, עס קומט דיך צו לויבן,
פאַר געבן אַ פינקל אין מיר דיינע גיטער.
נאָר ווען איך צעפאַלן אין גליאיקע שטויבן, —
וואוהין וועסטו ציען מיין מענטשלעכן ציטער?

## הר סיני

דער פינגער פון שטילקייט באַווייזט מיר דעם סיני.
כ׳וועל נאָענט ניט צוגיין, ווו ער איז געשטיגן.
אַנטלויפן, אַנטלויפן אַהיים, אין רואינע!
צעפיקן אויף טויט וועט מיך וועלן דער ניגון...

און אפשר, פאַרקערט, קעגן אַלע געזעצן
אַריינגיין אין וואָלקן און זען וואָס מע זעט ניט, —
און זאָל מיך אויף שפּליטערס די שטילקייט צעזעצן
אנשטאָט די געדאַנקען: אָ, ניין, איך באַטרעט ניט?

— הר סיני, דו האָר פון דער שטילקייט אין וויסטע,
די טריט מיינע וואַקלען צום וואָלקן, וואָס בלענדיקט — —
צעשפּרייט זיינע פליגל אַן אָדלער: ווער ביסטו?
— מיין נאָמען? מיין נאָמען?? — — (דאָס ליד — ניט פאַרענדיקט).

1949

# קלײנע הימנען צו סדום

## א.

האָסט פֿון מיר אַרויסגעהאַקט אַ שמייכל, ווי צעפּאַלן
וואָלט אין האַרץ אַ בלאָע פּיראַמידע פֿון וואָקאַלן.
שוואַרצע זונען מיט צעקרימטע מײַלער — שאַלן, שאַלן.

זאַלצגײַסט אָנגעטאָן אין דימענט, שטוינונג אָריענטאַלע,
אָפּגענאַרט פּאָעטן האָסטו און פֿאַרבלענדט זיי אַלע,
נאָר דײַן סוד בלויז מיר אַליין געוואָרן איז נתגלה:

קוים באַשאַפֿן — איז שוין די באַשאַפֿנקייט מיט פּגמען,
אויסקעמפֿן השלמה קאָן זי ברענענדיק אין פֿלאַמען.
האָסט געברענט. מײַן אוראַלטער געדאַנק — מיט דיר צוזאַמען.

סדום! פֿון דעמאָלט איז אַוועק דײַן שאָטן בלוטיק רויטער
איבער צײַטן, לענדער, צו דעם נוקם און דעם נוטר,
דו אַליין ביסט לויטער, לויטער, לויטער.

## ב.

די זון — אַ שוואַרצע פֿון ליכטיקייט
שלײַפֿט מײַנע שלײַפֿן ביז בלוט...
אָט דאָ, אונטער זיבן־שיכטיקייט
לעבט נאָך מײַן ערשטע מינוט.

דאָס ניטאָאיקע און פֿאַראַניקע —
שוואַרצאַפּלען זיך פֿון בערג.
אַ סקולפּטאָר מיט הענט וווּלקאַניקע
האָט געלאָזן אין מיטן זײַן ווערק.

ליגן באַזונדערע טיילן זיך:
נשמות, געדאַנקען, הענט — — —
זיי ווילן גאַנץ זיין, פאַרהיילן זיך,
נאָר ס'איז ניט אין זיי געווענדט.

אַ פייערבוים — אַ פּערזענלעכקייט
שטייט אויף זיין פּאָסטן ביים תהום.
איך געפין אַ זעלטענע ענלעכקייט
צווישן מיין חלום און סדום.

ג.

דער, וואָס אין זיין קונסטווערק די מלאכים האָט געקנאָטן,
האָט פריער ניט געוווסט, אַז יענע וועלן אים פאַרראָטן, —
וועלן זיך פאַרליבן אין דער קליינער, שיינער פרוי,
געשניצט פון חלום־זילבער ווי אַ שפּילצייג פאַר זיין גלוסטונג.

ווי ליבן נאָך אַ העזעלע,
אַזוי זענען גאָטס קינדער
מיט מוסקלען אָנגעצונדענע געלאָפן נאָך דער קליינער,
און זי האָט זיי געמאַניעט, כאָטש געפעלן איז איר איינער...

דעמאָלט איז געפאַלן פון גאָטס אויג אַ טראָפּן זאַלץ
און אָפּגעגאָסן לעבן ים־המלח זיין יצירה,
אָנגעטאָן זי אין אַ קלייד אַן אייביקס פון קאָראַלן.

שטייט זי אַ פאַרגליווערטע, די פרוי, אין מאַמע לויפן,
ס'צאַפּלען נאָך פון אונטער די קאָראַלן
יונגע בריסט,
קאָפּ — פאַרדרייט צום אַקסל,
און די אויגן — ניין־און־יאָען —
פלעמלען צו די יאַגנדיקע מענער,
און שטעלן מיך אַליין פאַר אַ נסיון...
— — — — — — — — — —

שטיל.
די מענער יאָגן מער ניט.
ליגן אויף די קני.
לאָקן־וואָרצלען פון די קעפּ אין באָדן איינגעבאַקן.
און ווילדע ציגן לעקן דאָס געוויין פון זייער נאַקן.

ד.

כ׳וואָלט מאַכן אויך געקענט
אַזאַ עקספּערימענט:
אָט לויפט דאָ אַ מוראַשקעלע ביים זעלבן ים־המלח,
אַ נאַקעטע לוטס ווייבעלע, —
ווער איך זי, למשל,
אָפּגיסן מיט אַ געזאַלצן גליענדיקן טראָפּן, —
וועט זי בלייבן אייביק — פּונקט ווי יענע
מיט אַ ווייסן וואָלקנדל צוקאָפּן.
און ס׳וועט זיך שוין געפינען אַזאַ נביא, אַזאַ פּענע,
די מעשה צו דערציילן אויף אַ בליצנדיקער שפּראַך.

אויב מוראַשקעס האָבן אַ תּנך.

ה.

ס׳איז דאָ אַזאַ הייל אויפן שטעג צו מסדה
אין טיפעניש פון אַ ווולקאַן, וואָס איר מיידן
אפילו געיאָגטע פון לייבן אַ סטאַדע.
מע רופט זי „די הייל פון גערולדיקן ליידן״.

איך בין דאָ אַריין קעגן אַלע פּאַרבאָטנס,
ווייל האָניק־באַטעמט איז מיר עלנט און מורא.
געווען איז די הייל אַ בית־עלמין פון שאָטנס,
די בייניקע לופט — דער סקעלעט פונעם בורא!

בלויז פינצטערניש. צייטלאָזע שטומקייט. קיין מינדסטער
זכרון פון ליכט ניט. קיין צאַפּל פון גלויבן.
געוואָגלט אַ שעה צי אַ יאָר אין דער פינצטער —
און פּלוצעם די זון האָט געוויזן זיך אויבן.

אַ טויאיקע זון איבער ליפּן פון קראַטער
באַלעבט דעם סקעלעט אין די היילענע טיפן.
און ס'גיבן צעפּייניקטע שאָטנס אַ פלאַטער —
די שוואַרצקייט פון זיי האָט די זון אָפּגעשליפן!

אָ, סדום, זיי געבענטשט! אין דיין הייל וועל איך ליגן,
ביז דו וועסט באַזוניקן מיינע מעת־לעתן.
פון קראַטער וועט פליצן מיין סדומיקער ניגון
און ס'וועלן די ראָבן דאָ ברענגען מיר עסן.

1950

# שטילקייטן

כ'האָב געזען אַ פאַרזאַמלונג פון שטילקייטן, אַלע אין בלאָ,
און אונטערגעהערט זייער זויבערע שטומקייט,
ווי ס'בלוט אין פאַרזיגלטע פידלען.
באַשרייבן זיי קאָן איך ניט. סיידן דאָס האַרץ וועט זיך אָפּשטעלן.

זיי זענען געקומען צו שוועבן פון צייטן און לענדער, —
נשמות אַזעלכע, וואָס קאָנען ניט שטאַרבן. זיי בענקען
צוריק נאָך די גופים אַמאָליקע דאָ, אין אילת.

די שטילקייטן האָבן זיך איבערגעוווּנקען. און איך —
צוגעדעקט ס'פּנים, זיי זאָלן, חלילה,
מיין אָטעם ניט הערן. און צווישן די פינגער דערזען:

אָן באַוועגונג אַ שלאַנג
מיט אַ זילבערן קעפּל.
און פאַרלוירן איר גאַנג
ערגעץ ווייט, אין אַ נעפּל,

שטייט פאַרכישופט אַ הינד
לעבן ימיקער קילקייט,
אַזוי לויטער און לינד
ווי אַ זילב פון דער שטילקייט.

און אַ ווינטל וואָס שטאַמט
ניט פון זעאיקע שוועלן,
האָט פאַרלוירן אין זאַמד
זיינע רויטע קאַרעלן.

ווי פֿאַרברענטע פּאַפּיר
הענגט אַן אָדלער אין הימל;
און זיין שאָטן אויף מיר
איז אַ שותּף צום דרימל.

נאָר ס'באַוועגט זיך ווער יאָ
איבער טיגערנע תּהומען
און די שטילקייטן דאָ
בלויז געדענקען זיין נאָמען.

1950

# פעלדזענע שפּיגלען

אויב זען ווילסטו איין מאָל די אייביקייט
פּנים אל פּנים,
און, אפשר, ניט שטאַרבן —
די אויגן באַהאַלט,
דריי אַראָפּ זיי
ווי קנויטן אין שאַרבן.
און דעמאָלט
אַן איך־זיך־געצונדענער,
גיי, ווו עד היום
דיין וואַנדערשאַפט איז ניט מסוגל געווען זי צו טרעפן —

און גיב זיך אַן עפן
אַנטקעגן די פעלדזענע שפּיגלען פון ירושלים.

1947

# אויפֿן וועג צום כותל מערבי

אויפֿן וועג צום כותל מערבי,
אין אַ לייטיק־ליגנדיקן ברונעם,
זיצט אַ ייד באַוואַקסן ווי אַ סאָווע
און ער קריצט אַ בעכער.
די ניגונים
פֿון די שטומע ליפּן טוען פֿרעגן
ביי דעם וואָלקן, וואָס באַשיצט די דעכער,
ווען זשע ער וועט אָנקומען אַנטקעגן?
און דעם ענטפֿער קריצט ער אויפֿן בעכער.

אָט אַזוי איז ער מסתם געזעסן
אויפֿן וועג צום כותל מערבי
דעמאָלט, אין תנכישע מעת־לעתן,
ווען דער נביא
ירמיהו מיטן יאָכשטאַנג אויפֿן האַלדז
אויסגעהאַמערט האָט פֿון זיך אַ דענקמאָל.
אָט אַזוי איז ער מסתם געזעסן,
ווען קיין מוטערמענטש איז ניט געבליבן נאָך דער שלאַכט.

היינט, אין ניינצן פֿערציק אַכט,
ביים אונטערגאַנג פֿון לענדער,
זיצט נאָך אַלץ דער גאָלדשמיד אין די זעלביקע געווענדער,
אינעם זעלבן ליגנדיקן ברונעם,
קעגן זעלבן וואָלקן אויף די דעכער,
און ער קריצט דעם ענטפֿער אויפֿן בעכער.

ווי זאַפּטיקע רובינען פֿון אַ מילגרוים,
דורכגעשטרייפֿט מיט זומערדיקן בליץ —
לייכט זיין פּנים.

— ווען ,זיידע ,ווען דעם סוד געפינען?
— כ'האָב געדולד, איך קריך.

אויסגעלאָשן. מער ניטאָ קיין פּנים.
קאַלטע, בלאָע סאַזשע.
בלויז די הענט —
דער גאולהס בייניקע סימנים,
קריצן אויפן בעכער ניט־דערברענט.

אויסגעלאָשן אויך די פינגער, נעגל,
ס'בלוטיקט אין דער לופט דעם בעכערס ראַנד.
מיט אַ תפילה איז ער עולה־רגל
צו לבנה, וואָס גייט אויף אין לאַנד.

ירושלים, יאַנואַר 1948

# די צוואה פון נסים לאַניאַדאָ

אין אַ ווינקל אויף מאה שערים,
וווּ מע האַנדלט מיט צימרינג און זיפּץ —
אויף אַ טעפּיך באַלאָדן מיט ספרים,
כ'האָב געפונען אַ זעלטן געשריפטס.

ווי באַשטערנטע בלעטעלעך הימל —
דאָס באַשריבענע בלאָע פּאַפּיר.
זיינע ראַנדן — באַצויגן מיט שימל
פון די טויאיקע נעכט אָן אַ שיעור.

עפּעס האָבן די אותיות בכיוון
מיינע אויגן געצויגן, פאַרשפּינט.
אַ יענוועלטיקע מחנה מאַטיוון
האָט אַ זשום געטאָן אונטערן טינט.

האָב איך איבערגעזעצט אויף מיין לשון
זייער אינהאַלט אין צורה פון ליד,
ס'זאָל ניט בלייבן אין גאָרנישט פאַרלאָשן
די צוואה פון איינעם אַ ייד.

***

— מיינע קינדער, עס וועט אייך אַוודאי
די צוואה זיין אויסטערליש גאָר.
טאָ געדענקט זשע, אַז נסים לאַניאַדאָ
האָט אַ צווייטע, אַן אייגענע וואָר.

מיינע אויגן שוין טונקלען פאַרגליטע,
פאַר די אותיות פון רש"י צו בלינד;
נאָר עס עפנט אין מיר זיך דאָס דריטע,
ס'דריטע אויג וועט באַהיטן אַצינד.

ווען עס וועלן ווי פרוכט מיינע פיינען
בלייבן ליגן ביי אייערע פיס —
ווערט דאָס דריטע אין מיר זיך צעשיינען,
און באַמערקן ווערט איר עס געוויס.

דעמאָלט זאָלט איר ניט לאָזן קיין טרערן,
נאָר די לאָדן צעעפענען ברייט,
ווערט אַ מנין ווייס־קליידיקע שטערן
זאָגן תהילים געבויגענערהייט.

און אויף מאָרגן — אויב נאָר קיין מלחמה
ווערט ניט שפּאַנען איר הייסן חמסין,
ווען אַוועקפליען ווערט מיין נשמה
צו געגנאָדיקער וואָגשאָל פון דין —

אייער טאַטע און עלטסטער פון ספרדן
האָט די לעצטע בקשה צו אייך:
מיין געביין זאָלט איר נעמען צום ירדן
און עס זיבן מאָל טובלען אין טייך.

אויב מלחמה, צי עמעץ ווערט קראַנק זיין,
אָדער וואַסער ווערט פעלן אין לאַנד —
ווערט אייך דעמאָלט מיין זעלביקער דאַנק זיין,
ווען איר זענט מיך מטהר אין זאַמד.

נאָכן ענדיקן זאָלט איר זיך פלייסן
און באַקליידן מיין גוף אָט אַזוי:
אין דעם היימישן העמד, אין דעם ווייסן,
וואָס גענייט אייער מאַמע, מיין פרוי.

אויפן העמד זאָלט איר אָנטאָן מיין קאַפטן
מיט די פּאַסן פון גרינלעכן גאָלד;
מיטן טלית אין זילבערנע האַפטן
מיך אין גאַנצן באַהילן איר זאָלט.

און פאַרגעסט ניט באַדעקן דעם טלית
מיטן לופטיקן מאַנטל, וואָס קוואַלט,
ווי אין זונפאַרגאַנג פלאַמיקע כוואַליעס,
מיך אַרומטער פון גאַנצער געשטאַלט.

אַרום אייבערקלייד גיט אַ באַצי מיר
די פּאַטשיילע מיט זוניקע פרענדזן;
אינעם בוזעם — אַ טיכל, ווי אין מיר
וואָלט געאָטעמט מיין האַרץ מיין פאַרברענטס.

און די פורפּלנע שטעקשיך, די זאָקן,
און די זיידענע קעפּקע טוט אָן —
ווי לאַניאַדאָ — אַ קינד און אַ זקן,
ערב יום־טוב אין שטוב וואָלט געטאָן.

אין מיין קעשענע ברענגט אַ מתנה
ייך־צמוקים — אַ פּולינקע פלאַש.
און ס'תנכל געדרוקט אין קרעמאָנע
טוט אַריין אין דעם אַנדערן טאַש.

און דערנאָך — אָן אַן אונטערשייד ווו דאָ:
אויפן אַלטן בית־עלמין אין לייִם,
צי אין זודיקן זאַמד פון יהודה
זאָלט איר בויען דעם טאַטן אַ היים.

און דער קבר זאָל זיין ווי אַ ברונעם:
איך זאָל שטייענדיק דאָרטן אַריין.
איך זאָל שטייענדיק חלומען פון אים
וועגן דעם וואָס בעתיד וועט זיין.

נאָר געדענקט זשע, אַז פאַרן פאַרשיטן
זאָלט איר, ליבע, געבויגן ביים ראַנד,
מיר אַ מאַנדלשטאָק פול אַ צעבליטן
געבן שטום אין מיין בייניקער האַנט.

און אַצינד וועל איך זיין אייך מגלה
מיין צוואה, ווייל ס'טיילט אונדז אַ שפּאַן:
ס'איז קיין טויט ניט פאַראַן! מיינע אַלע
טעג און נעכט שטימען צו: ניט פאַראַן!

ווייל אַ שלאָף איז ניט אייביק. און בלאָזן
וועט באחרית הימים אַ קול,
ווי עס בלאָזט אין די זאַמדיקע גראָזן
אַ טרומייט פונעם רעגן אַמאָל —

און וועט מאָנען: לאַניאַדאָ, לאַניאַדאָ,
ביז ווי לאַנג? שוין געענדיקט דיין שלאָף!
ס'קאָן אַ פּאַסטעך ניט זיין אָן אַ סטאַדע,
און דו ביסט זיין פאַרוואָגלטע שאָף!

ס'קאָן געדויערן יאָרן אַלפים,
נאָר אַזוי וועט געשען, ווייל עס וועט!
און דערווייל וועלן טאַנצן חלפים
ס'וועלן אונטערגיין, אויפבליען שטעט — — — —

ווייל איך דערמאָלט אין זעלביקער קליידונג
נעמען אָנטייל אין יענעם פּאַראַד,
ס'זאָל ניט זיין מיטן היינט קיין צעשיידונג.
און —
געענדיקט איז דאָ דער כתב־יד.

1948

